ד י א

# צוריק געקאמענע ליעבע

אדער

# יאהן אונד יעקב

א זעהר שאנער אונ אינטערעססאנטער

# ראמאן

פון **דאקטאר מענדעל**

געשריבען אין די פראגער ספורים אונ איבערזעצט
פון אפ"ד

הזכות נמכר לצמיתות לה' יצחק פונק בווילנא





ווילנא
שנת הרנ"ד לפ"ק

די

# צוריק געקאמענע ליעבע

אדער

## יאהן אונד יעקב

א זעהר שאנער אונ אינטערעססאנטער

## ראמאן

פון דאקטאר מענדעל

געשריבען אין דיא פראגער ספורים אונ איבערזעצט
פון אפ"ד



ווילנא

שנת תרנ"ד לפ"ק

ВОЗВРАТНАЯ ЛЮБОВЬ.
ВИЛЬНА. Тип. Вдовы и бр. Роммъ.
Жмуд. пер. собст. домъ № 328.
1894.

# דִיא מִלְחָמָה.

עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען תִּשְׁעָה בְּאָב אַ שֵׁיינֶער אוּנ אַ פְרֵיילִיכֶער טָאג פַאר דִיא פַאר צַייטִיגֶע חֵדֶר אִינְגְלַאךְ, וָואס זַייא זַיינֶען גֶעוֶועסֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג אַיינְגֶע־שְׁפַּארְט אִין דֶעם קְלֵיינֶעם פִינְצְטֶערֶען חֵדֶר, פוּל מִיט פֶערְדָארְבֶּענֶע לוּפְט וָואס דֶער אִינְגֶעל הָאט גֶע־קֶענְט קוים דֶעם אַטְהֶעם אָבְצִיהֶען בִּפְרַט אִין דִיא גְרוֹיסֶע הֵייסֶע זוּמֶמֶערְטֶעג, שׁוֹין פַאר תִּשְׁעָה בְּאָב הָאבֶּען זִיךְ דִיא אִינְגְלֶעךְ פָארְגֶעבְּרֵייט צוּא דִיעזֶעם יוֹם טוֹב, זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט שֵׁיינֶע שְׁוֶוערְדְ־לֶעךְ פוּן הָאלְץ אוּנ אוּם תִּשְׁעָה בְּאָב זַיינֶען זַייא גֶע־גַאנְגֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע קָאמְפַּאנֶיע אוֹיף דֶעם בֵּית עוֹלָם דָארְטִין דִיא שְׁוֶוערְדְלַאךְ אִין דִיא קְבָרִים אַרַיינְצוּ־שְׁטֶעקְקֶען, כְּדֵי בְּשַׁעַת עֶס וֶועט זַיין תְּחִיַת הַמֵתִים אוּנ דִיא מֵתִים וֶועלֶען דַארְפֶען אוֹיפְצוּשְׁטֶעהֶען פוּן דִי קְבָרִים זָאלֶען זַייא הָאבֶען אוֹיף וָואס זִיךְ אָנְצוּשְׁפַּא־רֶען. דָארְטִין אוֹיפִין בֵּית עוֹלָם הָאבֶען זֵיי גֶענוּג פְּלַאטְץ גֶעהַאט זִיךְ צוּשְׁפִּילֶען, אַרוּמְצוּלוֹיפֶען, שְׁפְּרִינְגֶען, אוּנ זִיךְ נָאכְיָאגֶען, אוּנ וֶוער הָאט זַייא גֶעקֶענְט אָבּ־

געוואָרען דערפון ? דאס איז דאך געוועזען די איינציגע שטיקיל ערד וואס דיא אידען האבען געמענט קויפען אונ דאס איז געוועזען זייער אייבינגע נחלה, דען דאמאלס האבען דיא אידען קיין ערד נישט געטארט האבען, אבער אויך דיזע קליינע אונשולדיגע פרייד איז דיא אינגלאך געשטערט געוואָרען, דען פון יענער זייט פארקאן פון בית עולם האבען זיך פער־זאממעלט א באנדע פון פעבעל קינדער אונ האבען אויף זייא געוואָרפען מיט שטיינער, דיא אינגלאך האבען אבער זייער מוטה נישט פערלאהרען, אזוי וויא העלדען זיינען זייא אריבער געשפרונגען איבער דעם פארקאן אונ האבען ארעכטע מלחמה געפיהרט מיט זייערע פיינד וואס האבען זייער פרייד אונ פערגנע־גינגען געשטערט.

נאר איינער פון די אידישע קינדער א בלאסער שלאנקער אינגעל איז געשטאנען פון ווייטען אונ האט זיך ניט געמישט ניט אין דער פריהערדיגע שמחה אונ ניט אין דער איצטיגער מלחמה, ער איז אפילו אויך אריבערגעשפרונגען דעם פארקאן צוא זעהען וואס דער סוף פון דיעזער מלחמה וועט זיין, אבער אזוא וויא אלע מאל טרעפט גראד דער אונגליק דעם אונשולדיגען אזוא איז דא אויך געוועזען, א

שְׁפִּיצִינֶער שְׁטֵיין אִיז נֶעפְלוֹיגֶען פוּן דִיא כְּרִיסְטְלִיכֶע
פֶּעבֶּעלְקִינְדֶער אוּנ הָאט גֶעטְרָאפֶען אַקוּרַאט דִיעזֶעם
אִינְגֶעל אִין קָאפּ אוּנ אַ טַייךְ פוּן בְּלוּט הָאט זִיךְ גֶע=
גָאסֶען אָן אוֹיפְהֶערוּנְג בִּיז עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אָן מַאכְט
אוֹיף דֶער עֶרְד, נַאטִירְלִיךְ אִיז קֵיינֶער פוּן דִיא קִינְדֶער
נִישְׁט צוּ גֶעגַאנְגֶען זֶעהֶען וָואס אִיהם אִיז, וַוייל יֶעדֶער
הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר זִיךְ אוּנ הָאבֶּען אַלֶע גִימַאכְט
פְּלֵטָה, עֶר אִיז נֶעבִּיךְ אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען לִיגֶען אוּנ דָאס
בְּלוּט הָאט זִיךְ גֶעגָאסֶען, עֶר וָואלְט גֶעוִוים טוֹיט גֶע=
בְּלִיבֶּען וֶוען נִיט אַ כְּרִיסְטֶענְיוּנְגֶע וָואס אִיז אוֹיךְ גֶע=
וֶועזֶען בַּייא דֶער מִלְחָמָה אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעמִישְׁט
אִין דֶער גַאנְצֶער זַאךְ אִיז צוּגֶעלָאפֶען שְׁנֶעלל צוּא
יעקעוויל (אַזוֹא הָאט דֶער אִידִישֶׁער אִינְגִיל גֶעהֵייסֶען),
הָאט אָבְּגֶעוִוישְׁט מִיט זַיין טִיכִיל דָאס בְּלוּט פוּן פָּנִים
הָאט אִים גֶענוּמֶען אוֹיפִין פְּלֵייצֶע אוּנ הָאט אִים אַוֶועק=
גֶעטְרָאגֶען צוּא זַיין מוּטֶער אִין שְׁטִיבִּיל וָואס אִיז גֶע=
שְׁטַאנֶען נִיט וַוייט פוּן בֵּית עוֹלָם, וִויא דִיא מוּטֶער
הָאט אָנְגֶעקוּקְט יעקעוויל אִין פָּנִים הָאט זִיא גֶעגֶעבִּין
אַ גֶעשְׁרֵייא „גָאט אִין הִימֶעל, דָאס אִיז דָאךְ דֶער
קְלֵיינֶער יאקאב דֶער זוּן פוּן דֶער גוּטֶע בְּרַאוֶוע
וָואלְלהֶענְדְלֶערִין דָאס אֵיינְצִיגֶע קִינְד פוּן אוּנְזֶערֶע וָואלְ=
טְהֶעטֶערִן“. זִיא הָאט שְׁנֶעל אָבְּגֶעוַואשִׁין דִי בְּלוּטִיגֶע

שְׁטֶעללִין מִיט עֶסִיג, הָאט אִים גֶעגֶעבֶּען צוּ שְׁמֶעקֶען פוּן אַ פְלֶעשְׁל אוּנ הָאט בַּאלְד גֶשִׁיקְט נָאךְ דֶעם דָאקְטָאר, אַז דֶר דָאקְטָאר הָאט אַלְץ אִין אָרְדֶענוּנְג גֶעבְּרַאכְט דִיא וואוּנְדֶע גוּט אַרוּמְגֶעבּוּנְדֶען אוּנ אִים אִין וַוייכֶע בֶּעט־גֶעוַואנְד אַרַיינְגֶעלֵייגְט הָאט זִיא גֶענוּמֶען אִיר טוּךְ הָאט זִיךְ אַיינְגֶעהִילְט אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּא דֶעם אִינְגִילְס מוּטֶער אִיהר פָּארְזִיכְטִיג מוֹדִיעַ צוּ זַיין וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען. דִיא וואוּנְד אִיז אֶפִּילוּ נִיט גֶעוֶועזֶען גֶע־פֶעהרְלֶעךְ, נָאר וַוייל עֶס אִיז פִיל בְּלוּט אָפְּגֶעגַאנְגֶען אוּנ דֶער דָאקְטֶער אִיז גֶעקוּמֶען אַ בִּיסֶעל צוּא שְׁפֶּעט, דֶערצוּ אִיז יעקעוויל גֶעוֶועזֶען אַ שְׁוַואךְ קִינְד אִיז עֶר דוּרְךְ דֶעם אַלֶעם אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין אַפִּיבֶּער, אוּנ עֶס אִיז נִיט מֶעגְלֶעךְ גֶעוֶועזֶען אִים אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען אִין דֶער שְׁטָאט אִין דֶער מוּטֶערְס וָואהנוּנְג, דִיא מוּטֶער הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט עֶנְטְשְׁלִיסֶען אִיהר אֵיינְצִיגֶעז קִינְד אִיבֶּערְצוּלָאזֶען בַּייא דֶער כְּרִיסְטְלִיכֶע אַלְמָנָה בִּיז עֶר וֶועט בֶּעסֶער וֶוערֶען, דִיזֶע כְּרִיסְטִין אִיז גֶעוֶועזֶען אַ טוּכְמַאכֶערִין אוּנ פְּלֶעגְט צוּ הַאנְדְלֶען מִיט יעקעווילס מוּטֶער, זִיא הָאט בַּייא אִיר וָואל גֶעקוֹיפְט, אָבֶער אוֹיסֶער דִיזֶעם אִיז דִיא אַלְמָנָה גֶעוֶועזֶען זֶעהר צוּגֶע־בּוּנְדֶען צוּא דֶער אִידִישֶׁע פְרוֹיא, אוּנ אִיר הַארְץ אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל דַאנְקְבַּארְקַייט גֶעגֶען אִיהר, דִיא

צונ"ל נעשיכטע

גֶעשִׁיכְטֶע אִיז אַזוֹא גֶעוֶועזֶען, דֶער מַאן פוּן דֶער
כְּרִיסְטְלִיכֶע אַלְמָנָה אִיז גֶעוֶועזֶען אַ טוּכְמַאכֶער,
זֶעהר פְלַייסִיג אִין דֶער אַרְבֵּייט אוּנ שְׁפָּארְזַאם, עֶר
הָאט דִיא הַייזִיל אָבְּגֶעקוֹיפְט פַאר אַ גֶעוִויסֶע סוּמֶע
גֶעלְד צוּ צָאהלֶען אִין רַאטֶעס, עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעֶ-
הִיט צוּא צָאהלֶען פִּינְקְטְלַאךְ צוּם טֶערְמִין, דֶען עֶר
הָאט פִיל אַרְבֵּייט גֶעהַאט אוּנ הָאט גוּט פֶערְדִינְט,
אֵיינְמָאל אִיז עֶר גֶעפָאהרֶען מִיט זַיינֶע סְחוֹרָה אוֹיף
אַ יָרִיד, דִיא וֶועג אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁלֶעכְט אוּנ גְלִיטְשִׁיג,
הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען דָאס דֶר וָואגֶען הָאט גֶעהַאלְטִין
זִיךְ אוֹיסְצוּקֶעהרֶען אִין אַ גְרָאבֶען, דֶער טוּכֶערְמַאכֶער
הָאט גֶעשְׁווִינְד דֶעם וָואגֶען אוּנְטֶערְגֶעשְׁפַּארְט עֶר
זָאל נִיט אַנִידֶערְפַּאלֶען אָבֶּער דֶער וָואגֶען אִיז גֶעוֶועזֶען
צוּא שְׁוֶוער, דֶער טוּכְמַאכֶער אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוּנ
דֶער וָואגֶען אוֹיף זַיין הַארְץ, עֶס הָאט אִים שְׁרֶעקְלִיךְ
צוּגֶעדְרִיקְט אַז אַ שְׁטְרוֹים בְּלוּט אִיז אַרוֹיסְגֶעגָאסֶען
דוּרְךְ דֶעם מוֹיל אוּנ אִיז כִּמְעַט טוֹיט גֶעבְּלִיבֶּען, מֶען
הָאט אִים גֶעבְּרַאכְט נָאךְ הוֹיזֶע, הָאט דַארוֹיף נָאךְ
אֵיינִיגֶע טֶעג גֶעלֶעבְּט אוּנ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, דִיא
פְרוֹיא הָאט זִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעפִיהלְט, נָאר זִיא אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶע בְּרְיָה הָאט זִיא דִיא פַאבְּרִיק
וַוייטֶער גֶעפִיהרְט אוּנ מֶענְשֶׁען הָאבְּן אוֹיף אִיר רַחֲמָנוּת

גֶעהַאט אוּנ הָאבֶּען אִיהר דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען קְרֶעדִיט גֶנֶע־
בֶּען אַזוֹא וִויא בַּייא דֶעם מַאנְס לֶעבֶּען, זִיא הָאט
אִיהר פַּאבְּרִיק נִיט שְׁלֶעכְט גֶעפִיהרְט, נָאר אִיהר
אֵיינְצִיגֶער זוּן יאהאן זֶעהר אַ פֶּעהִיגֶער יוּנְג אוּנ הָאט
הָאפְּפֶענוּנְג גֶעהַאט אַז פוּן אִים זָאל אַוִיכְטִיגֶער
מֶענְשׁ אַרוֹיסְוַואקְסֶען, הָאט גֶעמוּזְט זַיין שְׁטוּדִירֶען
אַוֶועקְוַוארְפֶען אוּנ הֶעלְפֶען דֶער מוּטֶער אִין גֶעשֶׁעפְט,
אוּנ דָאךְ אִיז דָאס גֶעשֶׁעפְט נִיט אַזוֹא גְלֶענְצֶענְדִיג
גֶעוֶועזֶען וִויא בַּייא דֶעם מַאנְס לֶעבֶּען, זִיא הָאט
אֲפִילוּ אִיר הַיוֹנָה פֶערְדִינְט אָבֶּער דִיא רַאטֶעס וָואס
זִיא הָאט גְעדַארְפְט צָאהלֶען וָואס אִיר מַאן אִיז נָאךְ
אוֹיף דֶער הַייזִיל שׁוּלְדִיג גֶעבְּלִיבֶּען הָאט זִיא בְּשׁוּם
אוֹפֶן נִיט גֶעקֶענְט צָאהלֶען, אָבֶּער דֶער בַּעַל חוֹב
אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר אַ שְׁלֶעכְטֶער בַּעַל דָבָר אוּנ הָאט
בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעוָואלְט וַוארְטֶען, עֶר הָאט דֶערְבַּייא
זַיין אִינְטֶערֶעסֶע גֶעהַאט, וַוייל עֶר הָאט גֶעוָוארְפֶען
זַיין אוֹיג אוֹיף דֶער שְׁטִיבִּיל וָואס זִיא הָאט אִיצְט
אוֹיסְגֶעזֶעהֶען וִויא אַ פַּאלַאץ גֶעגֶען פְרִיהֶער אוּנ הָאט
אֵיינְפַאךְ גֶערֶעכֶענְט פוּן דֶער אָרֶעמֶער אַלְמָנָה דִיא
הַייזִיל צוּ צוּנֶעהמֶען, זִיא הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט
הֶעלְפֶען, זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּא אִירֶע בֶּעקַאנְטֶע
אוּנ פְרַיינְד בֶּעטֶען זֵייא דָאס זֵייא זָאלֶען אִיר הֶעלְפֶען

אָבֶּער וָועמֶען אִיז אָנְגֶעגַאנְגֶען דִיא לַאגֶע פוּן דֶער
אָרֶעמֶע אַלְמָנָה , נָאר וֶוען דִיא נוֹיט אִיז אַם
הֶעכְסְטֶען שִׁיקְט גָאט זַיינֶע הִילְפֶע. דִיא אָרֶעמֶע
אַלְמָנָה אִיז גֶעקוּמֶען צוּא יְהוּדִית דִיא וָואלְהֶענְדְלֶערֶען
דִיא מוּטֶער פוּן יעקעוולען אוּנ הָאט אִיר דֶערְצֵיילְט
אִיהרֶע לַאגֶע , יהודית אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ גֶע־
פְּרוּבְטֶע אַלְמָנָה , זִיא הָאט גוּט גֶעשְׁפִּירְט דִיא צָרוֹת
פוּן דֶער טוּכְמַאכֶערֶען אוּנ הָאט פוּן אִיר בִּינְדִיל
אַרוֹיס גֶענוּמֶען דִיא גַאנְצֶע סוּמְמֶע וָואס דִיא
טוּכְמַאכֶערֶען הָאט גֶעדַארְפְט צוּבֶּעצָאהלֶען אִיהר
בַּעַל חוֹב אוּנ הָאט אִיר דָאס גֶעגֶעבֶּען , זִיא הָאט
אִיר דֶערְמִיט פָּשׁוּט מְחַיֶה גֶעוֶועזֶען , דֶערפַאר אִיז דִי
טוּכְמַאכֶערֶען שְׁטֶענְדִיג דַאנְקְבַּאר גֶעוֶועזֶען אוּנ וָואלְט
פַאר אִיהר גֶעגַאנְגֶען אִין פַייעֶר אוּנ אִין וַואסֶער ,
אִיצְטֶער הָאט זִיא גֶעהַאט דִיא גֶעלֶעגֶענְהַייט אִיהר
אָבְּצוּדִיעֶנֶן , זִיא הָאט זִיךְ פָּשׁוּט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען פַאר
יעקעוועל, זִיא מִיט אִיר זוּן יאהאן זַיינֶען גַאנְצֶע נֶעכְט
אוֹיף גֶעוֶועזֶען אוּנ הָאבֶּען דֶעם קְרַאנְקֶען אָבְּגֶעהִיט
נָאךְ מֶער וִויא אַ אֵיינֶען קִינְד , זִיא הָאט דִי פַאבְּרִיק
אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט , דִיא מֶענְשֶׁען אָבְּגֶעזָאגְט כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען נִיט שְׁטֶערֶען דִיא מְנוּחָה פוּן דֶעם קִינְד , בִּפְרַט
אַז יהודית הָאט זֵייא צוּגֶעזָאגְט אַז זִיא וֶועט דִיא

מוטער מִיט דֶעם זוּן גֶעמֶען צוּא זִיךְ, דִיא אַלְמָנָה וֶועט זִיא בֶּעשֶׁעפְּטִיגֶען מִיט אִיהרֶע הויז־אַרְבַּייט אוּנ יאהאן וֶועט קֶענֶען ווַייטֶער שְׁטוּדִירֶען איז זַייעֶר שִׂמְחָה גֶעוֶועזֶען זֶעהר גְרוֹיס, ווַייל יאהאן הָאט זִיךְ ווִיעֶדֶער גֶעזֶעהֶען נָאהֶענְט צוּ זַיין צִיעֶל וָואס עֶר הָאט דַארוֹיף אַזוֹא לַאנְג גֶעהָאפְט:

יעקעווועל אִיז בִּיסְלַאךְ ווַיים גֶענֶעזִינְד גֶעוָוארֶען אוּנ זַיינֶע כּוֹחוֹת הָאבֶּען זִיךְ צוּא אִים צוּרִיקְגֶעקֶערְט, יעקעווועל אִיז נָאךְ גֶעלֶעגֶען אִין בֶּעטט אוּנ יאהאן אִיז גֶעבֶּען אִים גֶעזֶעסֶען אוּנ הָאט גֶעלֶעזֶען אִין זַיינֶע בִּיכֶער וָואס עֶר הָאט זַייא אַזוֹא לַאנְג אִין רוּה גֶע־לַאזֶען, אִיצְט אַז דִיא תִּקְוָה אִיז אִין אִים ווִידֶער ווַאכֶעדִיג גֶעוָוארֶען אַז עֶר וֶועט קוּמֶען צוּא זַיין צִיעֶל, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוָוארְפֶען מִיט גְרוֹיס פְלַייס אוֹיף זַיינֶע בִּיכֶער אוּנ הָאט גֶעלֶערֶענְט מִיט גְרוֹיס חֵשֶׁק בִּפְרַט אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט זִיךְ פָארְבְּרֵייטִין צוּם גִימְנַאזְיוּם אִין אַ הֶעכֶערֶע קְלַאס, אָבֶּער יעקעווועל אִיז גֶעלֶעגֶן אִין בֶּעט אוּנְרוּהִיג פוּן לַאנְגְווַייל, עֶר אִיז נִישְׁט גֶעוָואהנְט גֶעוֶועזֶען אַזוֹא צוּא לִיגֶען אוּנ נִיט צוּ טָאן, אוּנ זַיינֶע חֲבֵרִים פוּן דֶער יְשִׁיבָה זַיינֶען זֶעלְטֶען צוּא אִים גֶעקוּמֶען אוֹיף בֶּעזוּךְ, דֶער דָאקְטָאר הָאט אִים אוֹיךְ פֶערְבָּאטֶע׳ אַז עֶר טָאר זִיךְ נִיט אַנְשְׁטְרֵיינְ־

גֶען עֶפֶּעס צוא לֶערְנֶען שְׁוֶוערֶע זַאכֶען, אוּנ וַוייל זַיינֶע גַאנְצֶע קֶענְטְשַׁאפְט אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין תנ״ך אוּנ גְמָרָא וָואס דָאס שְׁטְרֶענְגְט זֶעהר אָן אַ קְרַאנְקֶען הָאט עֶר קַיין בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג נִיט גֶעהַאט אוּנ דָאס הָאט אִים זֶעהר גֶעפְּלָאגְט, אָבֶּער יאהאן הָאט דֶערצוּ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען אַ מִיטֶעל, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָאר צוּ לֵייעֶנֶען פוּן זַיינֶע בִּיכֶער אַזֶעלְכֶע שֵׁיינֶע אוּנ אַנְצִי־הֶענְדֶע זַאכֶען אַז יעקעוועל הָאט זִיךְ דֶערבַּייא גוּט פֶערְוַויילְט אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְגְנִיגְט הֶערֶענְדִיג דִיא וואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען וָואס יאהאן הָאט אִים פָארְגֶע־לֶעזֶען פוּן פֶערְשִׁיעֶדֶענֶע פֶעלְקֶער, פוּן חַיוֹת, פוּן דֶר וֶועלְטְגֶעשִׁיכְטֶע אוּנ נָאךְ פוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶן וָוס יעקעוועל הָאט דֶרפוּן קַיין בֶּעגְרִיף נִיט גֶעהַאט אוּנ הָאט דָאס קֵיינְמָאל נִיט גֶעהֶערְט, עֶר הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט קַשְׁיוֹת אוּנ שַׁאֲלוֹת צוּא פְרֶעגֶען נָאךְ דֶעם חֵדֶר מַאנִיר, אָבֶּער מַאנְכֶע זַיינֶע שַׁאֲלוֹת זַיינֶען אוֹיךְ גֶע־וֶועזֶען גוּט אוּנ וִויכְטִיג, וִויא פוּן אַ גְמָרָא קֶעפֶּעל, אוּנ יאהאן הָאט בַּייא זַיינֶע שְׁפִּיצִינֶע שַׁאֲלוֹת פֶערְ־גֶענִיגֶען גֶעהַאט, עֶר הָאט אָבֶּער פוּן יעקעוועל אוֹיךְ פִיל גֶעלֶערֶענְט, יעקעוועל הָאט אִים מִיט אַ שֵׁיינֶע שְׁפְּרַאכֶע עֶרְצֶעהלְט דִיא אַלֶע גֶעשִׁיכְטֶען פוּן תנ״ך אוּנ פוּן גְמָרָא אוּנ דִיזֶע גֶעשִׁיכְטֶען אוּנ בִּילְדֶר הָאבֶּען

אַ שְׁטאַרְקֶען אַיינְדְרוּק גֶעמַאכְט אוֹיף דֶעם קְלוּגֶען יאהאן, אוּנ אַזוֹא הָאבֶּען זַייא אַיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעלֶערינְט אוּנ זַייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד אוֹיסְגֶעבִּילְדֶעט, בִּפְרַט אַז יאהאן מִיט דֶער מוּטֶער זַיינֶען אַרַיינְגֶע־צוֹיגֶען אִין דֶער אִידִישֶׁע גַאס בַּייא יעקעוועלס מוּטֶער הָאבֶּען זַייא דִיא בֶּעסְטֶע גֶעלֶעגֶענְהַייט גֶעהַאט אַיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ אוּנְטֶערְרִיכְטֶען אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען צוּ עֶפֶנֶן אִין אַזֶעלְכֶע זַאכֶען וָואס אִים אִיז גִיוֶוען אוּנְבֶּעקַאנְט.

דִיא כְּרִיסְטְלִיכֶע פְרוֹי הָאט אִיר הַייזִיל מִיט דֶעם גָארְטִין פֶערְדוּנְגֶען אוּנ אִיז אַרַיינְגֶעצוֹיגֶען אִין דִיא וָואהנוּנְג פוּן דֶער אִידִישֶׁע פְרוֹיא, זִיא הָאט דָארְטִין פֶערְטְרָאטֶען דִיא שְׁטֶעל פוּן אַ אוֹיפְזֶעהֶערִין אוּנ אַ זָארְטִירֶערֶען פוּן דִיא פֶערְשִׁידֶענֶע סְחוֹרָה, יאהאן אִיז אַרַיין אִין גִימְנַאזִיוּם אוּנ הָאט פְלַייסִיג שְׁטוּדִירְט, יעקעוועל אִיז גֶעגַאנְגֶען וִויא פְרִיהֶער אִין דִיא יְשִׁיבָה צוּא הֶערֶען דֶעם שִׁיעוּר, אָבֶּער דִיא צְוַוייא חֲבֵרִים הָאבֶּען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט זַייעֶר אוּנְטֶערְרִיכְט וַוייטֶער צוּא טְרַייבֶּען, זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען אִיצְטֶער פְּרַאקְטִישׁ צוּא הַאנְדְלֶען, יאהאן הָאט יעקעוולען גֶע־לֶערֶענְט לֶעזֶען אוּנ שְׁרַייבֶּען דַייטְשׁ אוּנ לַאטֵיין, אוּנ יעקעוועל הָאט אִים אוּנְטֶערְרִיכְטֶעט אִין לָשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ, אַז זַייא הָאבֶּען שׁוֹין בֵּיידֶע גֶעקֶענְט לֶעזֶען הָאט

יעקעוועל אים אָנגעפאַנגען צופּערטייטשען פון אָנפאַנג חומש, נאַטירליך בּאַלד מיט דיא ערקלעהרונגען פון רש״י וואס דאמאלס איז אַזוֹא דיא מאָדע געוועזען, אונ אויך יאהאנס געמיטה האבּען דיזע ערקלערונגען אַ שטארקען איינדרוק געמאַכט, יאהאן האט ווידער אָנגעפאנגען צוא אונטערריכטען זיין חבר אין דיא לאטיינישע קלאססיקער אונ יעקעוועל האט דארין געפונען אַ שיינע אָפּענע וועלט פיל פּאָעזיא אונ ערהאבּענע בּעגריפע פּרעכטיגע מליצות אונ בּילדער וואס האבּען זיינע אויגען געעפינט.

זייער שטודיום איז געוועזען בּסוד קיינער אין דיא אידישע נאס האט דערפון ניט געוואוסט נאר די צוויי מוטרס יהודית אונ די טוכמאַכערן אונ זיי האט דאס ווייניג געקימערט, דען יהודית איז געוועזן געוואהנט צו זעהען אין איהרע פאמיליע געבּילדעטע מענשען, איר פאטער איז געוועזען אַ גרויסער למדן אונ אויך אַ גרויסער קענער אונ ווער רעמי שוין פון איר מאן ר׳ פיטיל עליו השלום, ער איז געוועזען מיט זיין תורה אונ חכמה בּעריהמט אַז מען האט אויף אים געזאגט אַז ער קען זיין אַ רב אין דער גרעסטער שטאט דורך זיינע לומדות אונ קען זיין אַ בּישאף אין די גרעסטע געמיינדע דורך זיינע קענטשאפט, דארום האט איר

צת״ל זעהר

זֶעהר גֶעפְרֵייט אַז איר זון גֶעמְט זִיךְ צוּא דֶער קֶענְט־
שַׁאפְט, אויךְ יאהאנס מוּטֶער חָאטְשֶׁע זִיא איז גֶע־
וֶועזֶען אַ שְׁטְרֶענְג פְרוּמֶע קַאטוּילִישֶׁע פְרויא הָאט איר
דָאךְ נִיט בַּאנְק גֶעטָאן אַז איר זון גֶעמְט זִיךְ צוּ דִיא
אִידִישֶׁע זַאכֶען, ווייל זִיא הָאט גֶעוואוּסְט אַז אַ
גַייסְטְלִיכֶער דַארְף אַזֶעלְכֶע זַאכֶען אויךְ צוּא קֶענֶען,
זִיא הָאט גֶעהַאט אַ בַּייאשְׁפִּיל פוּן דֶעם שְׁטָאט גַייסְטְ־
לִיכֶען ברונא וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר אַ פְרוּמֶער מַאן
אוּנ איז גֶעוֶועזֶען בֶּערִימְט דוּרְךְ זַיינֶע קֶענְטֶענֶעס אִין
דִיא אִידִישֶׁע ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען.

דִיזֶער גַייסְטְלִיכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען לֶעהְרֶער אִין
דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען נִימִינַאזְיוּם וואוּ יאהאן הָאט שְׁטוּדִירְט
אוּנ הָאט דֶעם יוּנְגֶע זֶעהר לִיב גֶעהַאט, אִין דִיא
זֶעלְבִּיגֶע צַייט אִיז דֶער גַייסְטְלִיכֶער ברונא גֶעוָוארֶען
בֶּערוּפֶען נָאךְ רוֹים דָארְטֶען צוּא וֶוערֶען אַ דִירֶעקְטָאר
אִיבֶּער אַ סֶעמִינַאר (אַ שְׁקָאלֶע פוּן גַייסְטְלִיכֶע), עֶר
הָאט אויךְ דָארְט אָן זַיין גֶעלִיבְּטֶען שִׁילֶער נִיט פֶּערְ־
גֶעסֶען אוּנ בַּאלְד הָאט דִיא טוּכְמַאכֶערֶען בֶּעקוּמֶען אַ
בְּרִיף פוּן רוֹים אַז זִיא זָאל מִיט איר זון קוּמֶען דָארְטְּן
אִיר זון זָאל אַרַיינְגֶעהֶען אִין סֶעמִינַאר אוּנ זִיא וֶועט
בֶּעקוּמֶען אַ שְׁטֶעל אַלְס גָאסְפָּאדִינָא אִין אַ קְלוֹיסְטֶער,
נַאטִירְלִיךְ הָאבֶּען מוּטֶער אוּנ זון זִיךְ זֶעהר גְלִיקְלִיךְ

גֶעשְׁעצְט אונ וָואלְטֶען מִיט פְלִינְלֶען דָארְטֶען גֶעפָארֶען
אָבֶּער אַ אַנְדֶער צוּפַאל הָאט זַייא אָבְּגֶעהַאלְטָען נָאךְ
צוּא בְּלַייבֶּען אִין אִידִישֶׁען הויז, דֶען יהודית אִיז
זֶעהר קְרַאנְק גֶעוָוארֶען דורְךְ פִילֶע אַרְבַּייט אונ אַנְ=
שְׁטְרֶענְגוּנְג, אונ יאהאנס מוּטֶער הָאט גֶעמוּזְט דִיא
גַאנְצֶע ווִירְטְשַׁאפְט פֶערְזָארְגֶען אונ דִיא גֶעשֶׁעפְטְס=
זַאכֶען פֶערְרִיכְטֶען, יהודית אִיז אויךְ שְׁוַואכֶער אונ
שְׁוַואכֶער גֶעוָוארֶען אונ הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס זִיא גֶע=
הֶעט אוּים פוּן טָאג צוּ טָאג אונ אִיר עֶנְדֶע אִיז שׁוֹין
נִיט וַוייט, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיא נִיט גֶעזָארְגְט
אונ הָאט אִיר טוֹיט גְלַייכְגִילְטִיג עֶרְוַוארְטֶעט, וַוייל
זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען זִיכֶער אַז אִיר זוּן יעקעוועל וֶועט
גְלִיקְלִיךְ זַיין, עֶר אִיז אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן אונ דֶערְצוּ אַ
קֶענֶער, דַאמָאלְס הָאט נָאךְ לוֹמְדוֹת מֶעהר גֶעגָאלְטֶען
וִויא גֶעלְד, זִיא הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז עֶס וֶועלֶען
זִיךְ אויךְ אִים גֶעפִינֶען גֶענוּג בַּעלָנִים וָואס וֶועלֶען אִים
מִיט גֶעלְט אָבְּשִׁיטֶען, דַארוּם אִיז זִיא גַאנְץ רוּהִיג
גֶעוֶועזֶען, זִיא הָאט פֶערְגֶעסֶען גֶעהַאט זֶעהֶענְדִיג
וִויא יעקעוועל מִיט יאהאן הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג אַ וִיכּוּחַ
אִין ווִיכְטִיגֶע זַאכֶען אונ חָאטְשֶׁע זִיא הָאט דֶער פוּן
נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט אִיהר דָאךְ
הֲנָאָה גֶעטָאן אונ הָאט זַיי נָאךְ אוֹיפְגֶעמוּנְטֶערְט זַייא
זאלען צת"ל

וָאלְעָן זַייעֶר שְׁטוּדְיוּם נִיט אוּנְטֶערְבְּרֶעכֶען ׳
אוּנְטֶער דִיא בֶּעזוּכֶער וָואס זַיינֶען גֶעקוּמֶען דֶער קְרַאנְקֶע מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען דִיא רֶבֶּצִין מִיט אִיהרֶע טָאכְטֶער רָחֵל , אַ מֶעדְכֶען פוּן 15 יָאר, שֵׁיין וְוִיא דִיא זוּן אוּנ זֶעהר קְלוּג , דוּרְךְ אִיהרֶע פְרֵיילִיכֶע אוּנְטֶערְהַאלְטוּנְג הָאט זִיא גֶעקֶענְט אַ גַאנְצֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט ,עֶרְהֵייטֶערְן אוּנ עֶרְפְרֵייעֶן , אוּנ דוּרְךְ אִיהרֶע לִיבְלִיכֶע רֵייד הָאט זִיא אַלֶעמֶען בֶּעצוֹיבֶּערְט, יעקעוועלס מוּטֶער הָאט זִיךְ זֶעהר אוּנְטֶערְהַאלְטֶען אִין אִיהרֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט , הָאטְשֶׁע זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען גֶע־פְלָאגְט פוּן שְׁמֶערְצֶן אוּנ לֵיידֶן הָאט זִיא דָאךְ זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען פוּן לַאכֶען אַז רָחֵל הָאט אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרֵיילִיךְ צוּא מַאכֶען , דַארוּם אִיז דִיא רֶעבֶּעצִין ,גֶעבֶּעטֶען גֶעוָוארֶען דָאס זִיא זָאל עֶפְּטֶער צוּם בֶּעזוּךְ קוּמֶען מִיט אִיהרֶע טָאכְטֶער , אוּנ זֵייא זַיינֶען ווירְקְלִיךְ יֶעדֶערֶען נָאכְמִיטָאג גֶעקוּמֶען צוּא דֶער קְרַאנְקֶע יהודית אוּנ פְלֶעגֶען אָבְּצוּזִיצֶען בִּיז אִין דֶער נַאכְט , אוּנ אָפְטֶערְם פְלֶעגְט יעקעוועל קוּמֶען פוּן בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוּנ יאהאן פוּן גִימְנַאזְיוּם אוּנ פְלֶעגֶען זִיךְ אַרַיינְמִישֶׁען אִין אַ גֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט רָחֵל , אָנְפַאנְג שְׁעמֶעדִג, אָבֶּער דָער נָאךְ לֶעבֶּעדִיגֶער אוּנ צוּטְרוֹילִיכֶר אוּנ דִיא יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען זִיךְ פָארְטְרֶעפְלִךְ אוּנְטֶערְ־

הַאלְטְען , עֶס אִיז אָבֶּער קַיין מָאל נִיט אַריין אִין יעקעוועלס אוּנ רחלס קָאפּ עֶטְוָואס אַ גֶעדַאנְקֶען פוּן לִיבֶּע אַזוֹא וִויא דִיא רָאמַאנְשְׁרַייבֶּער שְׁטֶעלֶען פָאר וֶוען אַ בָּחוּר מִיט אַ מֵיידִיל טְרֶעפֶען זִיךְ צוּזַאמֶען , זֵייא בֵּיידֶע יעקעוועל אוּנ רחל זַיינֶען גֶעוֶועזֶען אוּנְשוּלְדִינֶע קִינְדֶר , זֵיי הָאבִּין זִיךְ אוּנְטֶערְהַאלְטֶען אַזוֹא וִויא אַלְטֶע בֶּעקַאנְטֶע , אָבֶּער דִיא בֵּיידֶע מוּטֶערְס יהודית אוּנ דִיא רֶעבֶּעצִין הָאבֶּען שׁוֹין עֶטְוָואס אַנְדֶערְשׁ אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען גֶעהַאט , זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז יעקעוועל מִיט, רחלהן וֶועלֶען אַ מָאל אַ פָּאר זַיין , אוּנ וֶוער קֶען דָאס אַנְדֶערְשׁ דֶענְקֶען , יעקעוועל אִיז דָאךְ וִוירְקְלִיךְ גֶעוֶועזֶען אַ פַיין בָּחוּרְל אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן , דֶער רָב הָאט אִים זֶעהר לִיב גֶעהַאט אוּנ הָאט אוֹיךְ וִוירְקְלִיךְ גֶערֶעכֶענְט אַז יעקעוועל וֶועט אַמָאל מְמַלֵא מְקוֹמוֹ זַיין , יהודית הָאט גֶעקֶענְט רוּהִיג שְׁטַארְבֶּען אוּנ וִוירְקְלִיךְ אִיז זִיא נָאךְ אֵיינִיגֶע טֶעג אִין אַ בֶּעסֶערֶע וֶועלְט אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען, יעקעוועל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ וִוירְקְלִיכֶער יָתוֹם עֶר אִיז גֶעבֶּעךְ אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן אוֹיף דֶער וֶועלְט , אִין דִיא שִׁבְעָה טֶעג זַיינֶען אֲפִילוּ כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט גֶעקוּמֶען אִים מְנַחֵם אָבֵל זַיין , אוֹיךְ דֶער רָב הָאט נִיט גֶעפֶעלְט אוּנְטֶער זֵייא , אוֹיךְ רחלה אִיז גֶעקוּמֶען

צוא אִים פוּן אָוֶועֶנְד וֶוען אַלֶע גֶעסְט זַיינֶען שׁוֹין אַוֶועק אוּנ הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע אוּנְטֶערְהַאלְטֶען , זִיא הָאט אוֹיךְ גֶעוואוּסְט מִיט אִיהרֶע לִיבְּלִיכֶע רֵייד אִיהם צוּא טְרֵייסְטִין אוּנ צוּא טְרִיפֶען בַּאלְזַאם אוֹיף זַיין פֶערְוואוּנְדֶעט הַארְץ .

אָבֶּער דִיא שִׁבְעָה טֶעג זַיינֶען פָארְאִיבֶּער , יאהאן מִיט דֶער מוּטֶער הָאבֶּען גֶענוּמֶען אָבְּשֵׁייד פוּן אִים אוּנ הָאבֶּען פֶערְרַייזְט קַיין רוּים , קֵיינֶער אִיז בַּייא אִיהם נִיט גֶעבְּלִיבֶּען, יעקעוו אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין אִין זַיין הוֹיז , עֶר הָאט אֶפִּילוּ אַרַיינְגֶענוּמֶען אַ אָרֶעמֶע פַאמִילְיֶע אִין שְׁטוּב זַייא זָאלֶען אִיהם אַרוּמְ- זֶעהֶען אוּנ פַאר אִיהם קָאכֶען , אָבֶּער דִיא מֶענְשֶׁען זַיינֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער נִידֶערִיגֶע קְלַאסֶע , עֶר הָאט קֵיינֶע נֶעעֶנְטֶערֶע פֶערְבִּינְדוּנְג נִיט גֶעקֶענְט הָאבֶּען מִיט זַייא , דַארוּם אִיז עֶר שְׁטֶענְדִיג גֶעזֶעסֶען אַלֵיין אִין זַיין שְׁטִיבִּיל , מִיט דִיא חֲבֵרִים פוּן דֶער יְשִׁיבָה הָאט עֶר אוֹיךְ קֵיינֶע בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט גֶעשְׁלָאסֶען נָאר בְּשַׁעַת דֶעם שִׁיעוּר , נָאךְ דֶעם שִׁיעוּר אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶען דֶערְוַוייטֶערְט פוּן זַייא , ווַייל זַייא זַיינֶען גֶעוֶועזֶען אוּנְגֶעוויסֶענְדִיג אִין אַנְדֶערֶע ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען הָאט עֶר מִיט זַייא נִיט גֶעקֶענְט הָארְמַאנִירֶען,רחלה אִיז אִיצְטֶער אוֹיךְ פוּן אִיהם ווַייט גֶעוֶועזֶען ווַייל אִיצְטֶער הָאט עֶר

שוין קיינע געלעגענהייט געהאט זיך מיט איהר צוא אונטערהאלטען, אריין גיין צום רב אין שטוב אונ מיט איר שטונדען לאנג צוא פלוידערין אזוא וויא פריער איז געוועזען זעהר אונפאסיג, דארום איז ער געשטאנען אליין אין דער וועלט אהן פריינד אהן בעקאנטע, אונ האט נאר זיינע טרייסטונג געפונען אין דיא ביכער, ער האט זיך איצטער נאך פליי־סיגער גענומען צום שטודירען, אבער דאס איז אים אויך ניט געוועזען אנגענעהם, ווייל עס האט איהם גערהלט אזא חבר וויא יאהאן ער זאל קענען זיינע געדאנקען מיט איהם טוישען, יעקעוו איז געזעסען אין זיין צימער פערטיפט אין דיא געדאנקען, ער האט אנגעהויבען צוא בערעכענען זיינע לאגע, זיינע פערגאנגענהייט, ער האט זיך דער מאנט אן זיין פריא געשטארבענעם פאטער וואס ער האט איהם פערזעגליך ניט געקענט, אונ קיינע פאטאגראפיע איז פון אים ניט געבליבען. ער האט זיך דערמאנט אן זיינע גוטע מוטער דיא איינציגע פיהרערין אין זיין לעבען, ער האט זיך דער מאנט אן א פאקעט וואס דיא מוטער האט איהם אפאר טעג פארין טויט געזאנט אונ ער האט זיך אין גאנצין דאן פערגעסען, דיא מוטער האט איהם איבער געגעבען א קליינעם

שְׁלִיסֶעלֶע וָואס עֶס פַּאסְט צוּא אַ שׁוּפְלָאדֶע וָואס דָארְטֶען גֶעפִינְט זִיךְ אַ פֶּערְבָּארְגֶענֶער פַאךְ, אוּנ אִין דֶעם פַאךְ זַיינֶען בֶּעהַאלְטֶען טַייעֶרֶע פַּאפִּירֶען אוּנ כְּתִיבוֹת יַד זֶעהר וִויכְטִיג, דֶער פָאטֶער הָאט דֶער מוּטֶער אָנְגֶעזָאגְט אַז זִיא זָאל דָעם זוּן עֶרְשְׁט דִיזֶעם סוֹד מְגַלֶה זַיין וֶוען עֶר וֶועט שׁוֹין אַ מַאן זַיין מִיט פוּלֶעם פֶערְשְׁטַאנְד, אָבֶּער אַז זִיא הָאט אִיהר סוֹף שׁוֹין גֶעזֶעהֶען הָאט זִיא נִיט גֶעוָואלְט דֶעם סוֹד אִין קֵבֶר מִיט צוּנֶעמֶען, בִּפְרַט זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען אַז יעקב׳ו אִיז שׁוֹין גוּט עֶנְטְוִויקֶעלְט מִיט דֶעם פוּלֶעם פֶערְשְׁטַאנְד הָאט זִיא אִים דֶעם שְׁלִיסֶעלֶע אִיבֶּער־גֶעגֶעבֶּען אוּנ הָאט אִים פֶּערְטְרוֹיט וָואס דָארְטֶען לִיגְט, עֶר הָאט אָן דִיזֶער גֶעשִׁיכְטֶע אִין גַאנְצֶען פֶערְגֶעסֶען, נָאר אִיצְטֶער זִיצֶענְדִיג אִין זַיין שְׁטִיבִּיל אַלֵיין הָאט עֶר זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג דֶער מָאנְט וָואס דִיא מוּטֶער הָאט אִים פֶּערְטְרוֹיט, שְׁנֶעל הָאט עֶר דֶעם שְׁלִיסֶעלֶע אִין דִיא הַאנְד גֶענוּמֶען, הָאט דִיא פֶּערְ־שִׁידֶענֶע סְפָרִים אָבְּגֶערַאמְט פוּן טִישׁ אוּנ הָאט גֶע־עֶפִינְט דִיא שׁוּפְלָאדֶע, עֶר הָאט דָארְטֶען גֶעפוּנֶען פֶערְשִׁידֶענֶע סְפָרִים אוּנ כְּתִיבוֹת יַד פֶּערְשִׁידֶענֶע בְּרִיף אוּנ דֶעסְגְלַייכֶען, פוּן דֶעם לֶעצְטֶען פַאךְ הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ פַּאקֶעט עֶר הָאט הַאסְטִיג דֶעם

פּאקעט גֶעעֶפֶענְט אונ הָאט פון דָארְטֶען אַ בוּךְ אַרויסְגֶענוּמֶען אִין לַאטֵיינִישׁ גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶר הָאט אויפְגֶעמִישְׁט דִיא פָּאדֶערְבְּלַאט אונ הָאט דָארְט גֶע־לֶעזֶען דָאס דֶער מְחַבֵּר אִיז ברוך שפינאצא פון אַמְסְטַרְדַם *) אַ נָאמֶען וָואס אִיז אִיהם גַאנְץ אוּנְבֶּע־קַאנְט גֶעוֶועזֶען, עֶר אִיז אָבֶּער גֶעוֶועזֶען נַייגֶערִיג צוּ וויסען

*) ברוך שפינאצא אִיז אַהֵויסְגֶעקוּמֶען פון דִיא אֲנוּסִים פון שְׁפַּאנְיָא וָואס זַיינֶען אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען צוּם יוּדֶענְטְהוּם אִין אַמְסְטַרְדַם, צוּא פוּפְצֶען יָאהר הָאט עֶר שׁוֹין סְמִיכָה גֶעהַאט אויף רַבָּנוּת, אונ אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער פון דִיא גְרֶעסְטֶע לוֹמְדִים אִין אַמְסְטַרְדַם, אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ נַאכְהֶער פֶּערְטִיפְט אִין דֶער פִילִיסוֹפְיָא אונ הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערְקֶע גֶעגֶען דִיא אִידִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן, דִיא רַבָּנִים פון אַמְסְטַרְדַם הָאבֶּען אִיהם מַחְרִים גֶעוֶועזֶען אונ הָאט גֶעמוּזְט אַרויסְצִיהֶען פון אַמְסְטַרְדַם אונ הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין האאג, דָארְטֶען הָאט עֶר זִיךְ עֶרְנֶערְט פון שְׁטֵיינֶערְשְׁלַייפֶען, עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען פִיל פִילִיזָאפִישֶׁע וֶוערְק אִין דֶער לַאטֵיינִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע אָבֶּער אויךְ כְּרִיסְטֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעהַאלְטֶען פַאר דֶעם גְרֶעסְטֶען אֶפִּיקוֹרֶס אונ עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שַׁאנְדֶע וֶוען מֶען הָאט אֵיינֶעם גֶעזָאגְט דָאס

ווייסען וָואס אִין דִיזֶען בּוּךְ שְׁטֵייט הָאט עֶר שְׁנֶעל דִי לָאמְפּ אָנְגֶעצוּנְדֶען אוּנ הָאט זִיךְ אַזוֹא פֶּערְטִיפְט אִין אִים אַז עֶר הָאט גָאר נִיט בֶּעמֶערְקְט וִויא מֶען הָאט אִים דִיא אָבֶענְד מָאהלְצֵייט אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט, אַזוֹא אִיז עֶר גֶעזֶעסֶען צְוֶועלְף שְׁטוּנְד נָאךְ אַנַאנְד, עֶר הָאט צוּמָאל נִיט גֶעהֶערְט וִויא דֶער שַׁמָש הָאט דִיא קְלֶעפּ אוֹיף זַיין פֶּענְסְטֶער גֶעגֶעבֶּען מֶען זָאל גֶעהֶען דַאווְנֶען, צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל אִין זַיין לֶעבֶּען הָאט עֶר עוֹבֵר קְרִיאַת שְׁמַע גֶעוֶועזֶען אוּנ הָאט זַיינֶע תְּפִילִין גֶעלָאזֶען אוּנְבֶּערִירְט, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר מִיד הָאט עֶר זִיךְ אַנָארְף גֶעטָאן אִין דִיא קְלֵיידֶער אוֹיפִין בֶּעט אוּנ אִיז אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען, עֶרְשְׁט אִין דִיא נַאכְמִיטָאגְס־שְׁטוּנְדֶען אִיז עֶר אוֹיפְגֶעוַואכְט גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט בַּאלְד זַיין אָנְצוּג צוּ רֶעכְט גֶעמַאכְט אוּנ אִיז גֶעלָאפֶען אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, דָארְטֶן הָאט מֶען זִיךְ זֶעהר גֶעוואוּנְ־דֶערְט אִיבֶּער יעקעווס אוֹיסְבְּלַייבֶּען, בִּפְרַט אַז עֶר הָאט פֶּערְזַאמְט דֶעם קַדִישׁ צוּא זָאגֶען נָאךְ זַיינֶע געליבטע

---

עֶר אִיז אַ שְׁפִּינָאצִיסְט, אִיצְטֶער זַיינֶען זַיינֶע וֶוערְקֶע דִיא בֶּעסְטֶע אִין דֶער פִילָיזָאפִיעָ אוּנ מֶען לֶערֶענְט זֵייא אִין אַלֶע אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶן, עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פֶּערְצִיג יָאהר אַלְט פוּן דֶער שְׁווִינְדְזוּכְט.

צוּג״ל

גֶעלִיבְּטֶע מוּטֶער אִיז אַלֶעמֶען זָעהר אוֹיפְפַאלֶענְד גֶע־
גֶעוועזֶען, נַאטִירְלִיךְ הָאט מֶען דָארוּים בֶּעשְׁטִימְט
אַז יעקעוו אִיז קְרַאנְק אוּנ זַיין שְׁלֶעכְט אוֹיסְזֶעהֶען
וָואס עֶר אִיז אוֹיפְגֶעוועֶזֶען דִיא גַאנְצֶע נַאכְט הָאט
מֵעִיד גֶעוועֶזֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע בֶּעהוֹיפְּטוּנְג, דֶעם רָב הָאט
דִיזֶע זַאכֶע זָעהר גֶעקְרֶיינְקְט וַוייל עֶר הָאט יעקעווען
זָעהר לִיבּ גֶעהַאט אוּנ דֶערְצוּ הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט אַז
יעקעוו וֶועט זַיין אֵיידִים זַיין, עֶר הָאט אוּנְטֶערְ־
בְּרָאכֶען דֶעם שִׁיעוּר אוּנ אִיז אַרַיין צוּא דֶער רֶבֶּצִין
אוּנ הָאט אִיהר עֶרְצֶעהלְט וָואס מִיט יעקעווין אִיז
גֶעשֶׁעהן, דִיא רֶעבֶּעצִין הָאט רחלן גֶעגֶעבֶּען דֶעם
אוֹיפְטְרַאג דָאס זִיא זָאל אִים אוֹיסְפָּארְשֶׁען וָואס אִים
אִיז, פַארְנַאכְט וִויא דִיא בַּחוּרִים הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט
צוּא לֶערְנֶען אוּנ יעקעוו אִיז גֶעוועֶזֶען אִין דֶעם רָבְס
הוֹיז, הָאט זִיךְ רחלה מִיט אִיהם אַרַיינְגֶעלָזאֶען אִין
אַ גֶעשְׁפְּרֶעךְ, אוּנ הָאט אִים דֶער נָאךְ גֶעפְרֶעגְט
וָואס אִים אִיז, אָנְפַאנְגְס הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען זַייטִיגֶע
אַנְטְוָוארְטֶען, אָבֶּער אַז זִיא הָאט אִים נִיט נָאכְגֶע־
לָאזֶען, הָאט עֶר אָנְגֶענוּמֶען אִיהרֶע הַאנְד הָאט אִיר
גֶעבְּלִיקְט אִין גֶעזִיכְט אוּנ הָאט צוּא אִיר גֶעזָאגְט אִין
אַ שְׁמֶערְצְלִיכֶען טָאן: „זָאל גוֹט זַיין דִי לִיבֶּעס נוּטֶעס
קִינְד, וֶוען אִיךְ קֶען מִיט מַיינֶע אֵיינֶעגֶע קְרַאפְט

נִיט פֶערְטְרַייבֶּען דִיא כְּרוּבִים וָואס זַייא הִיטֶען דֶעם בּוֹים פוּן לֶעבֶּען אַזוֹא מוּז אִיךְ דוּרְךְ דִיא גֶעגֶעסֶענֶע פְרוּכְט פוּן עֵץ הַדַעַת שְׁטַארְבֶּען", בַּייא דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאט עֶר זִיךְ אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען פוּן זַיין שְׁטוּל הָאט נָאר נִיט גֶעוַוארְט בִּיז נָאךְ מַעֲרִיב. אוּנ אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען פוּן בֵּית הַמֶדְרָשׁ, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁמֶערְץ פַאר רחלה וָואס הָאט אִיהר טִיף אִין הֶערְצֶען גֶעשְׁנִיטֶען, דֶען זִיא הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז אַ וִויכְטִיגֶר סוֹד קִימֶערְט אוּנ גְרָאבְּט אִין זַיין הֶערְץ, דֶער רַב אוּנ דִיא רֶעבְּעצֶען הָאבֶּען זַיין צוּשְׁטַאנְד אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ אֵיינְפַאכֶע קְרַאנְקַייט וָואס עֶס וֶועט בַּאלְד אִיבֶּערְגֶעהן, אָבֶּער רחלה מִיט אִיהרֶען שַׁארְפֶען בְּלִיק הָאט בַּאלְד אוֹיס גֶעפָארְשְׁט אַז אִין יעקעווס הַארְץ גֶעהט עֶטְוָואס פָאר, אוּנ עֶס אִיז נִיט אַזוֹא גְלַאט מִיט אִים, דִיא וֶוערְטֶער וָואס עֶר הָאט אִיהר גֶעזָאגְט אִין יֶענֶעם אָבֶענְד הָאט אִיהר קוּמֶער נָאךְ פֶערְגְרֶעסֶערְט, אוּנ זִיא הָאט זִיךְ זֶעהר גֶעגְרֵיינְקְט דַארִיבֶּער, דִיא זַאכֶע אִיז אָבֶּער בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַזוֹא וִויא מִיר וֶועלֶען דָא בַּאלְד זֶעהן.

יעקעוו הָאטְשֶׁע עֶר אִיז אִימֶער גֶעוָואהנְט גֶעוֶועזֶען וִיכּוּחִים צוּא הָאבֶּען אִיבֶּער רֶעלִיגְיָאנְסְזַאכֶען מִיט זַיין פְרַיינְד יאהאן, אוּנ יֶענֶער הָאט אִים דִיא

גאַנְצֶע לֶעהְרֶע פוּן דֶעם כְּרִיסְטֶענְטְהוּם פַּאנַאנְדֶערְגֶע־לֶענְט פוּן דֶעסְט וֶועגֶען הָאט אִיהם דָאס אַלְץ אוּם קַיין הָאר אָבְגֶערוּקְט פוּן זַיינֶע פֶעטֶערְלִיכֶע רֶעלִיגְיָאן, עֶר הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פֶעסְט אָן דִיא אַלְטֶע אִידִישֶׁע מִנְהָגִים אוּנ עֶס אִיז אִיהם קַיינְמָאל אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען נִיט גֶעקוּמֶען אַ סָפֵק צוּא הָאבֶּען אִיבֶּער דִיא קְלֶענְסְטֶע זַאךְ פוּן דֶער אִידִישֶׁע אֱמוּנָה, אָבֶּער דֶער נָאךְ אַז עֶר הָאט זִיךְ פֶערְטִיפְט אִין שְׁפִּינָאצָעס וֶוערְק, אוּנ הָאט זַיינֶע מֵיינוּנְגֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין זִיךְ, אִיז עֶר שׁוֹין נִיט אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועזֶען נֶעגֶען דִיזֶע אִידֶעְן מִלְחָמָה צוּא הַאלְטֶען, עֶר אִיז נָאךְ צוּא יוּנְג גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט קַיין כֹּאכְט נִיט גֶעהַאט זִיךְ מִיט קְרַאפְט צוּא הַאלְטֶען אוֹיף זַיין אַלְטֶען וֶועג, דִיא נַייֶע אוֹיפְקְלֶערוּנְגֶען הָאבֶּען אִיהם אִין גְוַואלְטִיגֶע סְפֵקוֹת אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען, אוּנ דִיא סְפֵקוֹת הָאבֶּען גֶע־פְּרֶעסֶן זַיין יוּגֶענְדְלִיכֶע הַארְץ אוּנ הָאט קַיין מִיטֶעל נִיט גֶעפוּנֶען דִיא מִלְחָמָה אִין זַיין הַארְץ צוּ בֶּעשְׁטְרַייטֶן, זָאל עֶר זַיינֶע סְפֵקוֹת שְׁרַייבֶּען צוּא זַיין חַבֵר יאהאן אִין רוּים עֶר זָאל אִיהם דַארִיבֶּער אוֹיפְקְלֶערֶען, אִיז דָאס גֶעוֶועזֶען גַאנְץ אוּנְמִיגְלִיךְ, עֶרְשְׁטֶענְס אִיז רוּים גֶעוֶועזֶען זֶעהר וַוייט פוּן זַיין וָואהנְשְׁטָאט, קַיין בּאהָגֶען זַיינֶען נָאךְ דַאמָאלְסְט נִיט גֶעוֶועזֶען, צְווייטֶענְס הָאט

עֶר גֶעפִּירְכְטֶעט דָאס אַזַא בְּרִיף וָוען עֶר וָועט קוּמֶען אִין אַנְדֶערֶע הֶענְד קֶען זַיין חָבֵר פִיל שַׁאדֶען בְּרֵיינְגֶען, דֶען עֶר אִיז דָאךְ גֶעוֶועסֶען אִין אַ קַאטוֹילִישֶׁען זֶעמִינַאר וָואס מֶען קוּקְט דָארְט נָאךְ אוֹיף יֶעדֶעם שְׁרִיט אוּנ טְרִיט, זָאל עֶר זַיינֶע סְפֵקוֹת מְגַלֶּה זַיין דֶעם רַב זַיין רֶבִּין הָאט יעקעוו גַאנְץ גוּט גֶעוואוּסְט אַז עֶר וֶועט אוֹיךְ בַּייא דֶעם קֵיין רְפוּאָה נִיט גֶעפִינֶען פַר זַיינֶע וואוּנְדֶען, דֶער רַב וִויא גְרוֹים עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין לֶערְנֶען הָאט עֶר פוּן דִיא אַנְדֶערֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ דֶערְצוּ אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען אַ שְׁטְרֵיינְגֶער אָרְטְהָאדָאקְס, וָוען עֶר וָואלְט הֶערֶען פוּן יעקעווין אֵיין וָוארְט גֶעגֶען זַיינֶע אִיבֶּערְצַייגוּנְג וָואלְט עֶר אִים בַּאלְד פַאר אַ אֶפִּיקוֹרֶס אוֹיסְגֶערוּפֶען, דַארוּם הָאט עֶר קֵיין מִיטֶעל נִיט גֶעפוּנֶען צוּ זַיין צוּבְּרָאכֶענֶע הַארְץ, נָאר אִין אֵיין זַאךְ הָאט עֶר גֶעהָאפְט אַ עֶרְלַייכְ־טֶערוּנְג צוּא גֶעפִינֶען, עֶר הָאט זִיךְ פֶערְטְרוֹיעֶט אִין אֵיינִיגֶע פוּן זַיינֶע חֲבֵרִים, הָאט פַאר זֵייא זַיין גַאנְצֶעס הַארְץ אוֹיסְגֶעגָאסֶען, אוּנ הָאט זֵייא אוֹיפְגֶעמוּנְטֶערְט זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ אַנְדֶערֶע חָכְמוֹת שְׁטוּדִירֶען דֶערְמִיט וֶועט אִים זַיין לַייכְט זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ מֵיינוּנְגֶען אוֹיסְצוּטוֹישֶׁען מִיט זַיינֶע חֲבֵרִים אוּנ אֵיינֶער וֶועט הֶעלְפֶען דֶעם צְוֵייטֶען אִיהם אוֹיף דֶעם וַוארֶען אוּנ

ריכְטִיגֶען וֶועג פֶּעסְט צוּא הַאלְטֶען, עֶר הָאט אָבֶּער אַ גְרוֹיסֶען טָעוּת גֶעהַאט, דִיזֶע יְשִׁיבָה בַּחוּרִים וָואס זַיינֶען גֶעזֶעסֶען אִין דֶער פִינְצְטֶערְנֶעס זַייא הָאבֶּן קַיין שַׁיין פוּן דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען אִין זַייעֶר גַאנְצֶען לֶעבֶּען נִיט עֶרְבְּלִיקְט, אַז זַייא הָאבֶּען מִיט אֵיינְמָאל אַיין הֶעל לִיכְט עֶרְבְּלִיקְט זַיינֶען זַייא בְּלִינְד גֶעוָוארֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעטַאפְּט אִין הֶעלֶען טָאג, בַּאלְד ווִיא זַייא הָאבֶּען עֶטְוָואס פֶערְזוּכְט פוּן דִיא נַייֶע ווִיסֶענְשַׁאפְט הָאבֶּען זַייא אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּפֶערְנַאכְלֶעסִיגֶען דִי מִצְוֹת, הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּא לַאכֶען פוּן דִיא אִידִישֶׁע מִנְהָגִים, הָאבֶּען חוֹזֶק גֶעמַאכְט פוּן דִיא לוֹמְדִים אוּנ אוֹיךְ פוּן זַייעֶר אֵיינֶענֶעם לֶעהְרֶער דֶעם רָב אוּנ הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא טָאן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען וָואס אִיז גֶע-וֶועזֶען צוּא עֶרְגֶער אוּנ צוּם פֶערְדְרוּס פַאר דֶער גַאנְצֶער קְהִלָּה, דִיא זַאכֶע אִיז פָארְגֶעקוּמֶען פַאר דֶעם רָב, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאכְצוּפָארְשֶׁען פוּן וַואנֶען דֶער הֶערִינְג שְׁטִינְקְט, אוּנ הָאט עֶרְפַארֶען צוּא זַיינֶע קְרֵיינְקוּנְג אַז זַיין לִיבְּלִינְג יעקעוו וָואס עֶר הָאט אוֹיף אִים דִי גַאנְצֶע הָאפֶענוּנְג גֶעזֶעצְט אַז עֶר וֶועט אַמָאל זַיין שְׁטֶעל פֶערְטְרֶעטֶען, דִיזֶער יעקעוו הָאט דִיא אַלֶע צָרוֹת גֶעמַאכְט, דֶער רָב אִיז גֶעוֶועזֶען גֶענֶעטְהִיגְט דִיא יְשִׁיבָה צוּא פֶערְשְׁלִיסֶען אוּנ דִיא בַּחוּרִים אַוָועק-

צושיקען , װען ער װאלט מקיים געװעזען װאס דיא גמרא זאגט אז דיא לינקע האנד זאל פערשטויסען אונ דיא רעכטע מקרב זיין װאלט ער באלד געקענט זיינען געליבטען יעקעװ אויף דעם רעכטען װעג ארויפ־ ברײנגען, אבער דער רב איז געװעזען א שטרענגער פינצטערער מענש , ער האט אים באלד פון זיין הויז פערטריבען , זײנע טאכטער רחל האט ער אװעק־ געשיקט צוא א פאמיליע כדי דיא שאנדע פון איהר אראבצונעמען אז זיא האט געזאלט װערען א כלה פאר דעם אפיקורס, אבער דערמיט האט דער רב זיך נאך ניט בערוהיגט , ער האט זיך נאר אבגעזאגט פון זײנע רבנות אונ איז ארויסגעצויגען אין א אנדער שטאט , אונ װײל דער רב איז געװעזען זעהר בע־ ליבט אין דער שטאט האט זייא דיא זאך זעהר פערד־ דראסען , אונ האבען דעם אונגליקליכען יעקעװ נאך מעהר רודף געװעזען , מען האט איהם אין קיין אידישע שטוב ניט אריין געלאזען , קיינער האט מיט אים ניט גרעט,אלע האבען זיך פון אים דערװייטערט, אפילו דיא ארעמע פאמיליע װאס האט בייא איהם געװאהנט האט זיך פון אים אויסגעצויגען אונ האט ניט געהאט אװאו א מיטאג אבצועסען , טרפות האט ער נאטירליך ניט געװאלט עסען , װייל פראקטיש

אִיז עֶר נָאךְ פוּן ־קִיין אִידִישֶׁען מִנְהָג נִיט אָרָאבְּגֶעגַאנְגֶען, אִין דֶער אִידִישֶׁער גָארְקִיךְ הָאט עֶר זִיךְ גֶעשֶׁעהמְט צוּא גֶעהְן, הָאט עֶר אוֹיסְגֶעזוּכְט אוּנְטֶער דִיא שְׁטָאט אַ אִידְעשֶׁעם אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶעם הוֹיז, וָואס דָארְטֶען הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט דִיא נִידְעריגְסְטֶע גֶעמֵיינְסְטֶע פֶעבֶּעל צוּא שְׁפִּילֶען אִין קָארְטֶען אוּנ פְרֶעסֶען אוּנ טְרִינְקֶען אוּנ לוּפְטִיג צוּא לֶעבֶּען, יעקעוו אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל דָארְטֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ זֶעהר גֶעשֶׁעמְט, עֶר הָאט אָבְּגֶעגֶעסֶען אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אַוֶועק גֶעהְן, אָבֶּער דִיא חֶבְרָה דָארְט הָאבֶּען גֶעוואוּסְט וֶוער עֶר אִיז, אוּנ וָואס עֶס הָאט זִיךְ מִיט אִיהם פַּאסִירְט, אַז עֶר אִיז פֶערְשְׁטוֹיסֶען פוּן דֶער אִידִישֶׁער גֶעמֵיינְדֶע, אוּנ קֵיינֶער וִויל מִיט אִים נִיט רֵיידֶען, הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּא אִיהם מְקַרֵב צוּא זַיין, אוּנ דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער יעקעוו הָאט זִיךְ בִּיחְלַאךְ וַויים אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט זֵייא זִיךְ צוּ חַבְרְן, בִּיז עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַ גוּטֶער חֶבְרָה מַאן, הָאט אַוֶועק גֶעוָוארְפֶען זַיין לֶערְנֶען זַיין שְׁטוּדִירֶען אוּנ הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶעלָאזֶען אִין הוּלְטַאיסְטְוָוא מִיט דֶעם נִידֶערִיגְסְטֶען פֶעבֶּעל, מִיט דֶעם אוּנְוואוּרְף פוּן זַיין פָאלְק, עֶר אִיז נָאךְ גֶעוָוארֶען עֶרְגֶער פוּן זֵייא, עֶר הָאט גֶעקְרִיגֶען דֶעם צוּנָאמֶען יעקעוועל שָׂטָן, אוּנ זַיין

נאָמען איז געוועזען צו שאַנד אין דער גאַנצע שטאָט, דאַס האָט אַלץ אָנגעמאַכט די צו גרויסע שטרענגהייט פון דעם רב, וואָס ער האָט אים באַלד אויסגעשטויסען פון דער קהלה, אונ האָט ניט געטאָן וואָס דיא גמרא זאָגט אַז די לינקע האַנד זאָל אָבשטויסען אונ דיא רעכטע זאָל מקרב זיין.

## דיא מזוזה.

דיא קהלה האָט אָנגעפאַנגען צוא זוכען אַ נייעם רב, זייא האָבען אַרויסגעשיקט שלוחים אין גאַנצען לאַנד צוא זוכען אַ גרויסען מאַן אַ גאון פאַר דיא געמיינדע אונ דיא אויסוואהל איז געפאַלען אויף דעם גרויסן גאון ר׳ יחזקאל, דיזער רב אויסער זיינע גרויסע לומדות אונ גאונות איז ער אויך געוועזען זעהר אַ קלוגער מאַן אונ האָט געוואוסט וויא אַ טרייער פאַסטוך צוא פירען זיינע שטאָדע, ניט מיט צופיל שטרענגקייט אונ צוא שטאַרקע פרומקייט נאָר מיט עכטע אמתה גאָטעספורכט, אונ דיזער רב איז באַלד געוואָרען בעליבט אין דער גאַנצער געמיינדע אונ איז געוועזען געאַכטעט אונ געשעצט בייא אַלעמען, ער האָט אויך געהערט פון דיא געשיכטע וואָס האָט זיך פאַסירט מיט דעם בחור יעקעלע, אונ דיא זאַך האָט איהם

זָעהר גֶעקְרֵיינְקְט, אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען בַּייא אֵיינֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט דִי פֶערְדָארְבֶּענֶע זַאךְ פוּן יֶענֶעם רָב וִוידֶער גוּט צוּא מַאכֶען אוּנ דִיזֶע גֶעלֶעגֶענְהַייט הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעוִוידֶען.

אִין דָער שְׁטָאט הָאט אִין דִיזֶער צַייט אָנְגֶעפַאנְגֶען דִי חָלִי רָע גֶעוַואלְטִיג צוּא הֶערְשֶׁען, פִּילֶע קָרְבָּנוֹת יוּנְג אוּנ אַלְט הָאט דִיזֶע שְׁוַוארְצֶע קַאנִיגֶען צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען, זִיא הָאט אוֹיף קֵיינֶם קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט גֶעהַאט, דִיא מֶענְשֶׁען זַיינֶען אַרוּם גֶעגַאנְגֶען פֶערְצָאגְט פֶערְזָארְגְט מִיט צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער אוּנ פִינְצְטֶערֶע גֶעזִיכְטֶער, אוּנ דָאס הָאט נָאךְ פִּיל עָרְגֶער אוֹיף זֵייא גֶעוִוירְקְט, מֶען הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּא דִיא אִידִישֶׁע אַלְטֶע כְּלֵי זַיִן גֶעגֶען דִיזֶען גְרוֹיסַאמֶען טוֹיט, מֶען אִיז צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען אִין שׁוּל, מֶען הָאט תְּהִלִים גֶעזָאגְט, מֶען הָאט גֶעשְׁרִיעֶן, גֶעקְלָאגְט, גֶעוֵויינְט, דָאס אַ שְׁטֵיין פוּן וַואנְט הָאט גֶעמֶענְט מִיט זֵייא מִיט וֵויינֶען, אִין דָעם רָבְס הוֹיז זַיינֶען גֶעזֶעסֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּנ הָאבֶּען פְּלַייסִיג גֶעלֶערֶענְט, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ מַעֲרִיב אוּנ דֶער רָב אִיז גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען זַיינֶע תַּלְמִידִים וִויא אַ מַלְאָךְ פוּן פְרִידֶען, וַוייל עֶר הָאט אוֹיסְגֶעגְלַייכְט צְוִוישֶׁען דִיא בַּחוּרִים אַלֶע וִכּוּחִים אוּנ פִּלְפּוּלִים וָואס צְוִוישֶׁען זֵייא זַיינֶען פָארְגֶעפַאלֶען, אַזוֹא

זַיינֶען זֵייא גֶעזֶעסֶען בִּיז צְוֶועלְף דֶעם זֵיינֶער, נָאךְ צְוֶועלְף הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ זָאגֶען תִּקוּן חֲצוֹת מִיט אַ טְרוֹיעֶרִינֶע יָאמֶערְדִיגֶע שְׁטִימֶע, אוּנ הָאבֶּען דָאס לִיעד גֶעזוּנְגֶען קוֹל בְּרָמָה נִשְׁמַע בִּילָלָה קוֹל מִצִיוֹן הַמְהֻלָּלָה, אִין רָמָה וֶוערְט גֶעהֶערְט קְלָאג אוּנ גֶעוֵויין, אִין צִיוֹן אוּנְגְלִיק אוּנ פַּיין, בִּיז זֵיי הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט דִיא פְּרֵיילִיכֶע וֶוערְטֶער, אִין רָמָה וֶועט מֶען נִיט מֶעהר הֶערֶען וֵויין אוּנ קְלָאג, אִין יְרוּשָׁלַיִם וֶועט אוֹיפְהֶערֶען יָאמֶער אוּנ פְּלָאג, אָבֶּער וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט פוּן דְרוֹיסֶען אַ שְׁרֶעקְלִיךְ וֵויינֶנְדִיגֶער קוֹל, דֶער רָב הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אַ תַּלְמִיד עֶר זָאל זֶעהֶען וֶוער עֶס וֵויינְט, אָבֶּער דִיא שְׁטִימֶע הָאט אוֹיפְגֶע־הֶערְט אוּנ דֶער בָּחוּר הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶעטְרָאפֶען, אָבֶּער וִויא דֶער בָּחוּר אִיז צוּרִיק אַרֵיין אִין שְׁטוּבּ הָאט מֶען וַוייטֶער גֶעהֶערְט דִיא זֶעלְבִּיגֶע וֵויינֶעדִיגֶע שְׁטִימֶע, דֶער רָב הָאט וַוייטֶער אַ תַּלְמִיד אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אָבֶּער עֶר אִיז וַוייטֶער אַרַיינְגֶעקוּמֶען מִיט אַ לֶעדִיגֶע תְּשׁוּבָה, דֶעם רָב אִיז דִיא זַאכֶע אַרַיין אִין נָאז, אַ שׁוּידֶער הָאט זֵייא אַלֶעמֶן אָנְגֶענוּמֶען, דֶער רָב אִיז אַרוֹים מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּנ הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ שְׁטַארְקֶע שְׁטִימֶע ״אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער דִיךְ אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם

אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט בִּסְטוּ אַ מֶענְשׁ אָדֶער אַ אַנְדֶער
נָאטֶעם בְּעשֶׁעפֶּענֶעם זָאלְסְט אוּנְז זָאגֶען דִי סִבָּה פַאר
וָואס הָאסְטוּ אוּנְזֶערֶע גֶעבֶּעטֶע אוּנְטֶערְבְּרָאכֶען מִיט
דַיינֶעם קְלָאנֶענְדִיגֶען קוֹל, דָאס גֶעשְׁרַייא הָאט אוֹיךְ
גֶעהֶערְט, אַ פִינְצְטֶערְנֶעס אִיז גֶעוָוארֶען אִין שְׁטוּב
חָאטְשֶׁע עֶס הָאבֶּען פִיל לִיכְט גֶעבְּרֶענְט, אַ בֶּעקְלֶע־
מוּנְג אִיז בֶּעפַאלֶען אַלֶע וָואס זַיינֶען דָארְטֶען גֶעוָועזֶען,
דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע הָאבֶּען גֶעקוּקְט נָאךְ דֶער טְהִיר
חָאטְשֶׁע זַייא הָאבֶּען קֵיין זַאךְ נִיט גֶעזֶעהֶען, אוֹיךְ
דֶער רָב הָאט גֶעקוּקְט צוּא דֶער טִיר, זַיין גֶעזִיכְט אִיז
גֶעוָוארֶען בְּלַאס וִויא קַאלְךְ, זַיין אוֹיג הָאט עֶטְוָואס
וִויכְטִיגֶעס גֶעזֶעהֶען, זַיין אוֹיעֶר הָאט עֶטְוָואס שְׁרֶעקְ־
לִיכֶעס גֶעהֶערְט, בִּיסְלַאךְ וַויים אִיז עֶר צוּא זִיךְ גֶע־
קוּמֶען, זַיין פָּנִים אִיז וִוידֶער הֶעל גֶעוָוארֶען, אִין
שְׁטוּב הָאט זִיךְ דִיא לִיכְטִיגְקֵייט צוּרִיק גֶעקֶערְט, אוּנ
עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּא זַיינֶע תַּלְמִידִים דָאס זַייא זָאלֶען
בְּלַייבֶּען דִיא גַאנְצֶע נַאכְט בִּיז טָאג בַּייא אִיהם אִין
שְׁטוּב, דֶער רָב מִיט דִיא דַיָינִים הָאבֶּען זִיךְ פֶערְמַאכְט
אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער צִימֶער אוּנ הָאבֶּען לַאנְג צְוִוישֶׁען זִיךְ
גֶערֶעט, עֶס אִיז גֶעוָוארֶען טָאג, יֶעדֶער הָאט גֶענוּמֶען זַיין
טַלִית אוּנ תְּפִלִּין אוּנ זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען דַאוְונֶען, נָאךְ דֶעם
דַאוְונֶען הָאט דֶער רָב גֶענוּמֶען זַיינֶע צְווייא דַיָנִים אוּנ

הָאבּען אָנגֶעהוֹיבֶּען צוּא גֶעהן אִין שְׁטֶעטִיל , אָבֶּער זַייא זַיינֶען נִיט גֶעגַאנְגֶען כְּסֶדֶר נָאר חַאפֶּענְדִינג דָא אַ הויז אוּנ דָא אַ הויז . זַייא זַיינֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין אַ הויז הָאבֶּען זַייא גֶעפוּנֶען וְויא מַאן אוּנ וַוייבּ קְרִיגֶען זִיךְ אוּנ שִׁילְטֶען זִיךְ אוּנ הַאלְטֶען בַּייא שְׁלֶעג , וְויא דֶער רָב אִיז אַרַיין זַיינֶען זַייא עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען , דֶער רָב הָאט גֶעפְרֶעגְט נָאךְ דֶער סִבָּה פוּן זַייעֶר קְרִיג אוּנ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז נִיט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל, עֶס אִיז שׁוֹין בַּייא זַייא גֶעוָוארֶען צוּא אַ גֶע־ וואוֹינְהַייט , עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט גוּטֶע וֶוערְטֶער זַייא פַאנַאנְדֶער צוּא לֵייגֶען דִיא גְרוֹיסֶע זִינְד פוּן אַזַא מַחֲלוֹקֶת אוּנ הָאט זַייא גֶעבֶּעטֶען זַייא זָאלֶען צוּא אִים קוּמֶען וֶועט עֶר זַייא אוֹיסְגְלַייכֶען , עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּא דֶער מְזוּזָה אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען אַז דֶער שַׁדַי אִיז בֶּעדֶעקְט מִיט שְׁטוֹיבּ אוּנ אָבְּגֶעמֶעקְט , עֶר הָאט אַרָאפּ גֶענוּמֶען דִיא מְזוּזָה הָאט זִיא דוּרְךְ גְזֶעהֶען אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען אַז זִיא אִיז פָּסוּל , בַּאלְד הָאט עֶר בֶּעפָאלֶען דֶעם שְׁטָאט סוֹפֵר אַ אַנְדֶערֶע מְזוּזָה אוֹיפְ־ צוּשְׁלָאגֶען , אַזוֹא אִיז עֶר דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען פִילֶע הַייזֶער, אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען אוּנְאָרְדְנוּנְג צְווישֶׁען דִי אַיינְוואוֹינֶער, אַ פָאטֶער קְרִיגְט זִיךְ מִיט דִיא קִינְדֶער , אַ טָאכְטֶער אִיז צֶרְרִיסֶען מִיט דִיא מוּטֶער . אוּנ אַזוֹא עֶר הָאט

קַיין שָׁלוֹם נִיט גֶעפוּנֶען זַיינֶען אוֹיךְ דִיא מְזוּזוֹת פָּסוּל גֶעוועֶזֶען, וַוייל אַוואוּ עֶס אִיז נָאר מַחֲלוֹקֶת מִיט קְרִיג לִיגְט זַייא נִיט אִין זִינֶען אִיבֶּער אַזֶעלְכֶע זַאכֶען צוּא טְרַאכְטֶען אוּנ זִיךְ אַרוּמְצוּזֶעהֶען, דִיא פְּסוּלֶע מְזוּזוֹת זַיינֶען גֶעוועֶזֶען דִיא בֶּעסְטֶע בֶּעווייזֶע אַז אִין דִיא הַייזֶער אִיז קַיין שָׁלוֹם נִיטָא, אָבֶּער דֶער רָב מִיט זַיינֶע גוּטֶע אוּנ קְלוּגֶע רֵייד הָאט גֶעוואוּסְט אוּמֶעטְהוּם זַיין גוּט וָוארְט צוּ זָאגֶען אוּנ שָׁלוֹם צוּ מַאכֶען, דִיא הַייזֶער זַיינֶען גֶעוָוארֶען מִיט נַייעֶ מְזוּזוֹת בֶּעזֶעצְט אוּנ דָר פְרִידֶען הָאט זִיךְ צוּרִיק אַיינְגֶעקֶערְט אִין דֶר שְׁטָאט.

דְרַייא טֵאגֶע הָאט דֶער רָב זַיינֶע וַואנְדֶערוּנְגֶען דוּרְךְ דִיא שְׁטָאט גֶעמַאכְט, אוּנ הָאט אוּמֶעטוּם זַיינֶע זַאכֶע מִיט דֶער גְרֶעסְטֶע צוּפְרִידֶענְהַייט גֶעמַאכְט, צוּם סוֹף אִיז עֶר גֶעקוּמֶען בַּיים עֶק שְׁטֶעטִיל הָאט עֶר דֶער זֶעהֶען אַ נִידֶערִיג שְׁמוּצִיג הַייזִיל, הָאט דֶער רָב גֶעפְרֶעגְט דֶעם שַׁמָשׁ אוּנ דִיא וָואס זַיינֶען מִיט אִיהם מִיט גֶעגַאנְגֶען וֶוער וואוינְט אִין דִיזֶער שְׁטִיבִּיל? דִיא בֶּעגְלֵייטֶער הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעקוּקְט אַיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין אוּנ הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּם רָב, רֶבִּי אִין דִיזֶעם שְׁמוּטְצִיגֶען אָרְט וֶועט אִיר אַייךְ דָאךְ נִיט עֶרְנִידֶע־רִיגֶען אַרַיין צוּגֶעהְן, „שַׁאדֶעט נִיט" הָאט דֶער רָב גֶּענְטְפֶערְט „וֶוען דָא וואוינֶען אִידֶען מֶעגֶען מִיר

ארייננעהן

אַריינגֶעהן, אונ הָאט אָנגֶעפַאנגֶען אַריינצוגֶעהֶען אין דֶער שְׁטִיבֶל, פִּינְצְטֶערְנֶעס אונ עֶקֶעל הָאבֶּען איהם ענְטְפַּאנְגֶען אַריינְקוּמֶענְדִיג אין דיזֶעם פֶערְוָוארְפֶענֶעם אָרְט, עֶר איז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אַ פָּאר צִימֶערֶען בִּיז עֶר איז גֶעקוּמֶען אין דֶעם לֶעצְטֶען צִימֶער הָאט עֶר גֶע-פוּנֶען אַ בֶּאנְדֶע הוּלְטַאיֶעס זיצֶענְדִיג בַּייא אַ לַאנְגֶען טִישׁ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט פוּל גְלֶעזֶער, אונ בַּחוּרִים מִיט מֵיידְלַאךְ זִיצֶען צוּזַאמֶען שְׁפִּילֶען אין קָארְטֶען אונ פְרֶעסֶען אונ טְרִינְקֶען, וְויא דֶער רָב איז אַריינְגֶע-קוּמֶען זַיינֶען אַלֶע צוּלָאפֶּען אין דִיא וִוינְקֶעלַאךְ, זַייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר עֶרְשְׁרָאקֶען פַאר דִיזֶעם פְּלֶעצְלִיכֶען גַאסְט, נָאר אֵיינֶער פוּן זַייא איז שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען, דָאס הַארְץ הָאט אין אִים גֶעקָאכְט וְויא אין אַ קֶעסִיל פוּל מִיט נְקָמָה, דָא הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אַ גֶעלֶעגֶענְ-הַייט זִיךְ נוֹקֵם צוּא זַיין פַאר דִיא שַׁאנְדֶע אונ אוּנְגְלִיק וָואס דִיא אִידִישֶׁע גֶעמֵיינְדֶע הָאט אוֹיף אִים גֶעבְּרַאכְט, דֶען דָאס איז גֶעוֶועזֶען יעקעוועל, עֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶע-רוּפֶען צוּם רָב מִיט גְרוֹיס חוּצְפָּה, וָואס זֶעהֶע אִיךְ דָא, איז וִוירְקְלִיךְ דִיא וָועלְט מִיט עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד יָאהר יוּנְגֶער גֶעוָוארֶען אונ דִיא מַלְאָכִים פוּן הִימֶעל קוּמֶען וִוידֶער צוּא דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא נִידֶערִיגֶע מֶענְשֶׁען מִיט זַייא זִיךְ צוּא פֶערְגְנִיגֶען, אונ רֶעדֶענְדִיג

דיזע רייד האט ער מיט דעם פינגער געוויזען אויף דיא מיידלאך וואס זיינען געשטאנען אין די ווינקעלעך, דער נאך האט ער ווייטער געזאגט, רבי אין שול פון וועלכער איהר האט מיך ארויסגעטריבען זאגט איהר אלע מאל חברים כל ישראל, אלע אידען זיינען חברים, ווייזט מיר איצטער אז דאס איז אמת אונ טרינקט מיט מיר א גלעזעל בראנפין, אונ רעדענדיג האט ער אנגענאסען א גלעזעל בראנפען אונ האט געשטעלט פאר דעם רב, אלע וואס זיינען געוועזען האבען גערעכענט אז דא וועט א סצענע געגעבען ווערין, דער רב וועט זיין גאנצען צארין אויסגיסען אויף דיזען עזות פנים, אבער זייא האבען פאלש גערעכינט, דער רב האט גענומען דיא גלעזיל אין דר האנט אונ האט געזאגט צוא יעקעוועל לחיים, לעבען זאלסטו א בעסערין לעבען וויא דוא האסט ביז איצטער געלעבט, לעבען זאלסטו א לעבען פון דיא פרומע אונ גאטעס פירכטיגע, זאלסט לעבען אין די הייליגע תורה וואס זיא הייסט עץ חיים, א בוים פון לעבען, זאלען דיא זינד אבער ניט דיא זינדיגע פער־שווינדען פון דער ערד, גאט וויל ניט דעם טויט פון רשע נאר ער זאל צוריק קערען פון זיין שלעכטען וועג וועט ער לעבען בלייבען, אונ אזוא וויל איך

אויך דָאס דוּ זָאלְסְט זִיךְ אוּמְקֶערִין פוּן דַיין שְׁלֶעכְטִין וֶועג אוּנ זָאלְסְט וֶוערִין צוּא וָואס דוּא בִּיסְט גֶעוָוארֶען בֶּעשְׁטִימְט, צוּא זַיין אַ צִירוּנְג פַר אוּנְזֶער שְׁטָאט אוּנ אַ פְּרַאכְט פַאר אוּנְזֶער גֶעמַיינְדֶע. דֶער רָב הָאט פֶערְזוּכְט אַבִּיסִיל פוּן דֶעם גֶעטְרַאנְק אוּנ הָאט דִיא גְלֶעזֶעל אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט, יעקעוו אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צוּ מִישְׁט, עֶר הָאט אַנַאנְדֶער תְּשׁוּבָה עֶרְוַוארְטֶעט פוּן דֶעם רָב, מִיט אַ צוּבְּרָאכָען הַארְץ אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶן פַאר דֶעם רָב, עֶר אִיז אַנִידֶער גֶעפַאלֶען פַאר דֶעם רָבְּס פִּים אוּנ טַייכֶען טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ פוּן אִיהם גֶעגָאסֶען, דֶער רָב הָאט אִים מִיט לִיבֶּע אוֹיפְגֶע־הוֹיבֶּען פוּן דֶער עֶרְד אוּנ הָאט מִיט אִים פְרַיינְדְלִיךְ גֶעשְׁפְּרָאכֶען, נָאךְ דֶער טַאגֶעאַרְבַּייט אִיז דֶער רָב נָאךְ הוֹיזֶע גִינַאנְגֶן אוּנ הָאט צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט דִיזֶער טָאג אִיז דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער אִין מַיין לֶעבֶּען, דֶער רָב הָאט אוֹיךְ יעקעווען מִיט זִיךְ מִיטְגֶענוּמֶען אִין זַיין שְׁטוּב, עֶר הָאט אוֹיף אִיהם קַיינֶע בֶּעזָאנְדֶערֶע תְּשׁוּבוֹת אוּנ פַאסְטוּנְגֶען אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט, אוּנ יעקעוו הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען פוּן הַיינְט אָן גֶעשְׁטַארְקְט אִין זִיךְ אוּנ הָאט אָנְגֶע־פַאנְגֶען צוּא גֶעהן אוֹיף דֶעם גְרַאדֶען אוּנ רֶעכְטְפַאר־טִיגֶען וֶועג אַזוֹא וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען, דֶער רָב אִיז אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא וָואס אוֹיסֶער דִי תּוֹרָה

פֶערְוואַרְפֶען זַייא אַלֶע וויסֶענְשַׁאפְּטֶען, עֶר הָאט עֶרְלויבְּט זַיינֶע תַּלְמִידִים אויךְ אַנְדֶערֶע חָכְמוֹת צוּא לֶערְנֶען, נָאר עֶר הָאט אוֹיף אַלְץ אַ אוֹיג גֶעוָארְפֶען אַז דִיא תַּלְמִידִים זָאלֶען נִיט פֶערְקְרִיכֶען צוּא וַייט, דַארוּם הָאט יעקעוו אויךְ יֶעצְט גֶעקֶענְט זִיךְ בְּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט אַנְדֶערֶע וויסֶענְשַׁאפְט ׃

## דֶער קָאנְקוּרֶענְט ׃

פוּן דֶער אַלְטֶער יְשִׁיבָה וָואס יֶענֶער רַב הָאט גֶעפִירְט אִיז אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען נָאר אֵיין בָּחוּר עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אהרן חָסִיד, דֶעם צוּנָאמֶען חָסִיד הָאט עֶר בְּעקוּמֶען וַוייל עֶר הָאט זִיךְ פֶערְשְׁטֶעלְט פַאר אַלֶע פַאר אַ פְרוּמֶען אוּנ גָאטֶעס פִירְכְטִיגֶען מַאן, עֶר אִיז אויךְ גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא בַּחוּרִים וָואס הָאבֶּען זִיךְ דֶעמָאלְט גֶעחַבֶרְט מִיט יעקעווען אוּנ הָאבֶּען בַּייא אִיהם דִיא אַנְדֶערֶע וויסֶענְשַׁאפְט גֶעלֶערֶענְט, אוּנ הָאט אויךְ גֶעמַאכְט וִויא אַנְדֶערֶע וָואס זַיינֶען אָבְּגֶעטְרָאטֶען פוּן דֶעם רִיכְטִיגֶען וֶועג, עֶר אִיז אויךְ גֶעוֶועזֶען אַ קָאנְקוּרֶענְט פוּן יעקעווען, דֶען עֶר הָאט אויךְ זַיין אוֹיג גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דִיא שֵׁיינֶע רחל דֶעם רָבְּס טָאכְטֶער, אוּנ בְּשַׁעַת דִיא זַאךְ אִיז וָואהר גֶעקוּמֶען אַז דִי בַּחוּרִים לֶערְנֶען אֶנְדֶערֶע זַאכֶען אִיז אהרן גֶעוֶועזֶען דֶר עֶרְשְׁטֶער

 וואס

וָואס הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען אַ תְּשׁוּבָה צוּ פַּאסְטֶען, חָאטְשֶׁע קֵיינֶער הָאט אִים נִיט גֶעהֵייסֶען, אוּנ הָאט אִימֶער גֶעקְלָאנְט אוֹיף דִיא שְׁלֶעכְטֶע פֶערְדָארְבֶּענֶע צַייט וָואס קְלֵיינֶע פוּקְסֶען פֶערְדַארְבֶּען דֶעם וַויינְבֶּערְג גָאטֶעס.

בְּשַׁעַת דֶער פָארִיגֶער רָב ר׳ שמואל אִיז אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען נָאךְ דֶער אַנְדֶערֶער שְׁטָאט אִיז אהרן גֶעוָועזֶען דֶער אֵיינְצִיגֶער שִׁילֶער וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין זַיין פָאטֶער שְׁטָאט, זַיין כַּוָנָה אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט וַוייל קֵיין רָב אִיז אִין שְׁטָאט נִיטָא וָועט עֶר פוּן זַיינֶע תַּלְמוּדִישֶׁע קֶענְטֶענֶעס אַ גוּט גֶעשֶׁעפְט מַאכֶען קֶענֶען, אוּנ אֶפְשַׁר וָועט דִיא שְׁטָאט אִיהם צוּם רָב אוֹיסְדֶערְוֶועהְלֶען. עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אַזַא פְּעַם אַז דִיא שְׁטָאט הָאט אַמָאל גֶענוּמֶען אַ אַכְצֶעהְנְיֶערִיגֶען מַאן צוּם רָב, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער גָאוֹן אוּנ אַ גְלַאנְצֶענְדֶער שְׁטֶערְן אוֹיף דֶעם יוּדִישֶׁען הִימֶעל, אהרן הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר אַזַא גְרוֹיסֶען מַאן, אוּנ אֲפִילוּ בְּשַׁעַת זַיינֶע הָאפְּענוּנְגֶען זַיינֶען צוּא נִישְׁט גֶעוָוארֶען וָוארוּם קֵיינֶער הָאט נָאר נִיט גֶעדַאכְט דַארַאן אהרנען צוּם רָב צוּא מַאכֶען, פוּן דֶעסְט וֶועגֶען הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט אָבְּטְרֶעטֶען פוּן דֶער שְׁטֶעטֶעל, וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט זַיין וַוייט

פון ר׳ שמואל דָעם פָארִיגֶען רָב אוּנ פוּן רחלע זַיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין קָארֶעסְפָּאנְדֶענְץ מִיט דֶעם אַלְטֶען רָב אוּנ הָאט אִיהם פָארְגֶעלֵייגְט פִיל שַׁאֲלוֹת צוּא וַוייזֶען דַארִין זַיינֶע לוֹמְדוֹת אוּנ זִיךְ בַּייא דֶעם רָב לִיבּ צוּ מַאכֶען, עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף אַ גְלִיקְלִיכֶע צַייט וֶוען עֶר וֶועט קֶענֶען אוֹיפְטְרֶעטֶען פַר ר׳ שמואל אוּנ אִים בֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהם זַיינֶע טָאכְטֶער צוּם וַוייבּ גֶעבֶּען, עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט דָאס דִיא צַייט אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען, דִיא וואוּנְדֶען אִין רחלס הַארְץ אִיז נָאךְ נִיט פֶערְהֵיילְט גֶעוָוארֶען, דֶען נִיט אַזוֹא גֶעשְׁווִינְד וֶוערְט אַזַא שְׁטַארְקֶע לִיבֶּע וִויא זִיא הָאט גֶעהַאט צוּא יעקעווען פוּן אִיהר הַארְץ פֶערְשְׁוואוּנְדֶען, עֶר הָאט שׁוֹין אָבְּגֶערֶעט מִיט אֵיינֶעם פוּן יֶענֶער שְׁטָאט עֶר זָאל אִיהם מוֹדִיעַ זַיין וֶוען דִי צַייט וֶועט זַיין עֶר זָאל קֶענֶען מִיט זַיינֶע אוֹיפְפָאדֶערוּנְג אוֹיפְטְרֶעטֶען צוּם רָב.

דָעם נַייעֶם רָב ר׳ יחזקאל הָאט זִיךְ אהרן אָנְגֶעשְׁלָאסֶען אוּנ אִיז אִיהם זֶעהר גוּט גֶעוֶועזֶען, דֶער רָב מִיט זַיין שַׁארְפֶען בְּלִיק הָאט אָבֶּער דוּרְכְגֶענוּמֶען אַז אִין דִיזֶעם מֶענְשֶׁען שְׁטֶעקְט עֶטְוָואס פַאלְשֶׁעס אוּנ חִיטְרָאשְׁץ, אֵין תּוֹכוֹ כְּבַּרוֹ, זַיין אִינְנֶעווֵיינִינְסְטֶעס אִיז נִיט וִויא זַיין אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶעס, דָאךְ הָאט דֶער רָב אִיהם מְקָרֵב גֶעוֶועזֶען, אוּנ אִיז אִין דֶער יְשִׁיבָה הוֹיךְ

צוּנֶ״ל גֶעשְׁטַאנֶען

גְעשְׁטַאנֶען, אָבֶּער וִויא הָאט אִיהם נִיט גְעשְׁמֶעקְט וויא עֶר הָאט גְעוֶועהֶען אַז ר׳ יעקעוו אִיז ווידָער אוֹיפְגֶענוּמֶען גְעווָארֶען אִין דֶער קְהִלָה אוּנ אִיז אִין זַיינֶע פְרִיעֶרְדִיגֶע אַכְטוּנְג צוּרִיק גֶעקוּמֶען, עֶר הָאט אִיהם פַאר זַיין קָאנְקוּרֶענְט בֶּעטְרַאכְט, עֶרשְׁטֶענְס פֶּערְדוּנְקֶעלְט עֶר אִיהם אִין דֶער שְׁטָאט וַוייל יעקעוו הָאט פִיל מֶעהר גֶעקֶענְט פַאר אִיהם, צְוֵויִיטֶענְס הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט אַז עֶר קֶען ווידֶער אִין דיא אַלְטֶע שְׁטֶעלוּנְג בַּייא דֶעם אַלְטֶען רָב קוּמֶען אוּנ וֶועט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט רחלה, דְרוּם הָאט עֶר גֶעזוּכְט אִיהם אִימֶער הֶערְאָבְּצוּווִירְדִיגֶען אוּנ אִים עֶרְנִידֶערִיגֶען פַאר דֶער וֶועלְט.

שַׁבָּת נָאךְ מִיטָאג פְלֶעגֶען זִיךְ בַּיים רָב פֶּערְזַאמְלֶען פִיל מֶענְשֶׁען אוּנ דַארוּנְטֶער אַלֶע בַּחוּרִים פוּן דֶער יְשִׁיבָה אוּנ מֶען פְלֶעגְט זִיךְ צוּא אוּנְטֶערְהַאלְטֶען אִין דִבְרֵי תּוֹרָה אויךְ פְלֶעגֶען שֵׁיינֶע וויטְצֶען פַאלֶען, אֵיין מָאל הָאט זִיךְ אהרן פָאנַאנְדֶער גֶקָאכְט אוּנ הָאט גֶעוָואלְט זַיינֶע גַאנְצֶע גַדְלוּת צֵיינֶען, הָאט עֶר גֶעשָׁאטֶען תּוֹרָה אוֹיף תּוֹרָה, וֶוערְטְלֶעךְ אוֹיף וֶוערְטְלֶעךְ, אוּנ אַלֶע צוּא הֶערֶער הָאבֶּען אַרוֹיס גֶעשְׁטֶעקְט דִיא צִינְגֶער הֶערֶענְדִיג זַיינֶע חָכְמוֹת, דֶער רָב הָאט גֶעווּאוּסְט דָאס זַיינֶע אַלֶע רֵייד אִיז פּוּסְטַאקִי, עֶס הָאט קֵיין

# הודעה!

## בבית מסחר הספרים שלי

נמצא להמכר ספרים שונים, תנ"ך עם פרושים שונים, שו"ת פוסקים ומפרשים, ספרי מוסר, ספרי השכלה, ספרי רומעל, ספורי זשארגאן או ע"ט, גם ספרי לימוד שפת רוססיא מתורגמים עברית עפ"י המעטאדע החדשה, גם טליתים גדולים וקטנים, ציצית תפלין מזוזות, רצועות, תמונות גאוני וגדולי ישראל שונות דרוק אונד אייל פארב, פיעל סארטען בילעטין לתנאים, לחתונה, לברית מילה, וגם כל ספרי הו"ל אשר הורשו מטעם הצענזוריא, הכל כפי מחיר בתי מסחר הדפוסים, למו"ס ינתן ראבאט הגון, וכל החפץ לבוא עמי בברית המסחר ישלח ד"ק סך 10% עפ"י הכתבת הנרשמת למטה ואשלח לו ע"י נ"נ במוקדם והאפשרי.

## ואלה המה הספרים הקנוים לי זכות עולם
### (אייגענע אויפלאגען)

1 שרשי לבנון, מאת ר' יצחק בער לעווינזאהן (ריב"ל)
2 תולדות שם (הנ"ל)
3 תעודה בישראל (הנ"ל)
4 בית יהודה (הנ"ל
5 דתועה בדת ה, מאת פרץ סמאלענסקין
6 נמול ישרים (הנ"ל)
7 קבורת חמור (הנ"ל)
8 שמחת חנף (הנ"ל)
9 חמ נח מאטרי בקית (הנ"ל)
10 כתובים אחרונים (אפאקריפען) 24° דימענט
11 כתובים אחרונים (אפאקריפען) 12° דימענט
12 ספר המדות (סאטנאיו)
13 שלומת רשעים (רומש)
14 חתיכת בד (הנ"ל)
15 שער שבאשה (הנ"ל)
16 גמול אלקים (דוב ארי' פרידמאנן)
17 ניב שפתים, ספר מכתבים מאת ה' דאליצקי, (קניתי רק הזולתה)
18 חרעסטאמאטיע בל"ק וע"ט מאת קירמאן
19 כנף רננים על פרק שירה
20 קול אומר קרא דרוש על התורה

# הודעה

21 צעהען יודישע פאלקס-ליעדער, מאת אליקום צונזער
22 דיא נייע צעהן יודישע פאלקס-ליעדער (הנ"ל)
23 נאטין צו דיא ערסטע 10 יודישע פאלקס-ליעדער (הנ"ל)
24 עלעגיע לעוואנדא נאטין עם הטעקסט רום ואידעז (הנ"ל)
25 וועלטליכע נייעס (לעווינסאן)
26 נאטין לשולמית (גאלדענפאדען)
27 דער נייער יודיישער פראקטישער בריפען שטעללער (מאצקעוויץ)
28 בית הספר ח"א, מאת מ. ב. שנידער — קניתי רק
29 בית הספר ח"ב, מ. ב. (הנ"ל) — ההוצאה
30 דער נייער נעריכטעטער טרייפער (פיימאן)
31 כנסת ישראל הרמ"ח השני
32 ימים מקדם (יהל"ל)
33 מאטקע הבד (לעווינזאן)
34 אנעקדאטען בוך 272 שיינע וויטצען ואנעקדאטען, מאת קיקעליעטין
35 אשת חיל, אדער אשת איש, (זייבערבלאט)
36 דער קאטערזניק (שמ"ר)
37 שודד ישר, דער פרומער בעק-דער (הנ"ל)
38 דער גליקליכער פאסטוך (הנ"ל)
39 אטאטע פון יענער וועלט (הנ"ל)
40 דער זאהן אלס שדכן (בלאשטיין)
41 דיא אכתע מענשען ליעבע (אפ"ד)
42 דיא צוריק גענקאמענע ליעבע אדער יאהאן אונד יעקב (אפ"ד)
43 תחנה דביר הקודש
44 יאהר צייטען יפים פיינע פארבען גרויסע אונד קליינע
45 חלה טישטעבלעך פערשיידענע לקידוש על כל מועדי השנה
46 פיעל פערשיידענע ווינשקארטען לשנה טובה פאן אויסלענ-דערשע פאבריקען זעהר פראכט-פאלע ארבעט
47 כנסת ישראל תרמ"ח הראשון
48 סיפורי ירושלים בע"ט עם שני ציורים יפים.

װערט ניט נאר ער האט זיך ניט געװאלט מישען אין אזעלכע געשפרעכע, אבער ר׳ יעקעװ האט פאר איהם גענומען דאס װארט אונ האט אנגעהויבען צוא רעדען, — „דיא חכמי האומות (דיא חכמים פון אנדערע פעלקער) זאגען — װיא ר׳ יעקעװ האט נאר דיזע פאר װערטער אויסגערעט איז אהרן אים בפאלען מיט כעס, װאס פערדרעהט איהר א קאפ מיט אייערע חכמי האומות װאס זייא האבען אייך אונ אייערע תלמידים פון װעג אראבגעפיהרט אונ אויך פאר אפיקורסים געמאכט", אהרן האט געמיינט דאס ר׳ יעקעװ װעט זיך מיט איהם אין א קריג אריינ־לאזען, אבער עס איז ניט געװעזען אזוי, ער איז אנידער געפאלען אין זיין שטול װיא אנמעכטיג אונ טרערין האבען זיך גענאסען פון זיינע אויגען, דעם רב האט דיא זאך זעהר פערדראסען אונ האט א געשרייא געגעבען צוא אהרן, ארויס פון מיין שטוב דוא עזות פנים, װייסטו דען ניט אז המלבין פני חברו ברבים אין לו חלק לעולם הבא, דער װאס בעשעמט דעם חבר פאר א סך מענשען דער האט קיין עולם הבא ניט. אלע זיינען געװעזען צופרידען מיט דעם רבס רייד אונ אהרן איז באלד פון שטוב ארויס, צוא ר׳ יעקעװ זיינען אלע צוגעגאנגען אונ


האבען

הָאבֶּען אִיהם גֶעטְרֵייסְט אונ צווא אִיהם לִיבְּלִיכֶע רֵייד גֶערֶעט, עֶר הָאט אָבֶּער זֵייא גֶעעֶנְטְפֶּערְט, מֵיינֶע לִיבֶּע פְּרֵיינְד, דֶעם בִּיוּשׁ וָואס אִיךְ הָאבּ הֵיינְט גֶעהַאט, נֶעם אִיךְ דָאס נִיט אָן פַאר אַ בֶּעלֵיידִיגוּנְג, נָאר פַאר אַ פִינְגֶערְצֵייג פוּן גָאט דָאס אִיךְ בִּין נָאךְ נִיט גוּט אָבְּגֶעקוּמֶען פַאר מֵיינֶע פִיל עֲבֵרוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטָאַן, אוּנ דַארוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען דִיא שְׁטָאט אַוֶועק צוּלָאזֶען אוּנ וַואנְדֶערֶען אִין דִיא וַוייטֶע וֶועלְט, אֶפְשַׁר וֶועט מִיר גָאט צוּשִׁיקֶען אַ צוּפַאל אִיךְ זָאל קֶענֶען גוּטֶעס טָאן אִין דֶער וֶועלְט וֶועט דָאס זַיין אַ כַּפָּרָה פַאר מֵיינֶע עֲבֵרוֹת, אַלֶע הָאבֶּען אִין אִיהם אַריין גֶערֶעט עֶר זָאל אָבְּשְׁטֶעהן פוּן זַיין פְּלַאן, אָבֶּער עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ עֶנְדֶערֶען, מָארְגֶען פְּרִיא הָאבֶּען בֵּיידֶע בַּחוּרִים אהרן אוּנ יעקעוו פֶערְלָאזֶען דִיא שְׁטָאט, אהרן אַ פוּלֶע הַארְץ מִיט נְקָמָה פַאר וָואס דֶער רָב הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, אוּנ יעקעוו מִיט אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ פוּל מִיט חֲרָטָה אוּנ תְּשׁוּבָה.

יעקעוו הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען נִיט דוּרְךְ פַּאסְטֶען אוּנ עִנוּיִים זַיינֶע חֲטָאִים גוּט צווא מַאכֶען נוּר דוּרְךְ ווִירְקֶען אוֹיף אַנְדֶערֶע, אַזוֹא ווִיא עֶר הָאט פְּרִיעֶר גֶעווִירְקְט צוּא שְׁלֶעכְטֶען אוֹיף זַיינֶע תַּלְמִידִים

 אַזוֹא

אַזוֹא הָאט עֶר גֶעוָואלְט יֶעצְט פוּן דֶער גוּטֶער זַייט
ווירְקֶען שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען צוּ בְּעסֶערֶען, פֶערְדָארְבֶּענֶע
זֶעלֶען אוֹיף דֶעם גְרַאדֶען וֶועג אַרוֹיף צוּפִיהרֶען, וַוייל
אָבֶּער אִין דֶער נָאנְטַקֵייט פוּן זַיין שְׁטָאט אַזוֹא מֶען
קֶען אִיהם הָאט עֶר וֶוענִיג גֶעקֶענְט ווירְקֶען דַארוּם
הָאט עֶר זִיךְ עֶנְשְׁלָאסֶען גַאנְץ וַוייט צוּא רַייזֶען, דָאס
בִּיסִיל גֶעלְט וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אִיז אִיהם גֶענוּג
גְוֶועזֶען אוֹיף דִי רַייזֶע קָאסְטֶען, עֶר הָאט גֶעוַואנְדֶערְט
פוּן שְׁטָאט צוּא שְׁטָאט, אִיבֶּערַאל הָאט עֶר גוּטֶע
פְרוּכְט גֶעזַייט, אוּמֶעטוּם הָאט עֶר בֶּעלֶערְט, אוּנְטֶערְ-
רִיכְטֶעט, אוּנ פֶערְדָארְבֶּענֶע מֶענְשֶׁען פֶערְבֶּעסֶערְט,
דֶער מִיט הָאט עֶר זִיךְ גֶעפוּנֶען צוּפְרִידֶען אוּנ גְלִיקְלִיךְ,
אֵיין מָאל אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע שְׁטָאט
גַאנְץ וַוייט פוּן זַיין הֵיים, דֶער רָב אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
אַלְטֶער גְרַייז גְרָאהֶער מַאן אָבֶּער זֶעהר אַ גוּטֶער אוּנ
פְרַיינְדְלִיכֶער מֶענְשׁ, ר׳ יעקעוו הָאט אִים בֶּעזוּכְט
אוּנ אִיז בַּייא אִיהם אֵיינִיגֶע טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ דֶער
רָב הָאט אִין אִיהם דֶער קֶענְט אַ וִויכְטִיגֶען פְרוּמֶען
מַאן, הָאט אִיהם לִיבּ גֶעהַאט אוּנ הָאט אִים פוּן זִיךְ
נִיט אַוֶועק גֶעלָאזֶען וַוייל עֶר הָאט אִין אִיהם גֶעפוּנֶען
אַז עֶר אִיז אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן אוּנ אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער
מֶענְשׁ, פִילֶע זַאכֶען פוּן דֶער קְהִלָה הָאט דֶער רָב

אִיהם אִיבֶּער גֶעטְרָאגֶען אוּנ עֶר הָאט אַלְץ גֶעמַאכְט
צוּא דֶער בֶּעסְטֶע צוּפְרִידֶענְהַייט , אוֹיךְ דִיא גַאנְצֶע
שְׁטָאט הָאט אִיהם גֶעלִיבְּט אוּנ גֶעאַכְטֶעט אוּנ עֶר
הָאט זִיךְ גֶעפִילְט אָנְגֶעצְווִינְגֶען צוּא זַייא , אַיין מָאל
הָאבֶּען אִיהם דִיא שְׁטָאט לַייט גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אַ
דְרָשָׁה הַאלְטֶען אִין שׁוּל , עֶר הָאט אִים אָנְפַאנְג
אֲפִילוּ נִיט גֶעווָאלְט נָאר זַייא הָאבֶּען אִיהם שְׁטַארְק
גֶעבֶּעטֶען אוּנ עֶר הָאט דֶער צוּא אַיין גֶעווִילִיגְט , עֶס
אִיז גֶעווֶעזֶען פַּרְשָׁה מִשְׁפָּטִים אוּנ עֶר הָאט צוּא זַיין
דְרוּשׁ גֶענוּמֶען דִיא ווֶערְטֶער ווָאס דִיא אִידְען הָאבֶּען
גֶעזָאגְט צוּא משה נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע מִיר ווֶעלֶען טָאן אוּנ
הֶערֶען , אוּנ ווָאס דָער מֶדְרָשׁ זָאגְט דַארוֹיף אַז בְּשַׁעַת
דִיא אִידֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע הָאט נָאט
גֶעזָאגְט צוּא דֶעם מַלְאַךְ הַמָוֶת , אוֹיף אַלֶע פֶעלְקֶער
ווֶעסְטוּ שְׁלִיטָה הָאבֶּען אָבֶּער אוֹיף מַיין פָאלְק ווֶעסְטוּ
קַיין שְׁלִיטָה נִיט הָאבֶּען , דֶער גֶעדַאנְקֶען דֶער פוּן
אִיז אַז אַלֶע פֶעלְקֶער ווָאס זַיינֶען אַמָאל גֶעווֶעזֶען
זַיינֶען גֶעווָארֶען פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען פוּן דֶער ווֶעלְט אוּנ
קַיין זֵכֶר אִיז פוּן זַייא נִיט גֶעבְּלִיבֶּען , אָבֶּער דִיא
יִשְׂרָאֵל אַזוֹא לַאנְג וִויא דִיא ווֶעלְט ווֶעט שְׁטֶעהֶען
ווֶעלֶען זַייא בְּלַייבֶּען אַ פָאלְק , עֶר הָאט זַיין דְרָשָׁה
מִיט בֶּעגַייסְטֶערוּנְג אוּנ מִיט שְׁטַארְקֶע שְׁטִימֶע גֶעְ-

צוּג"ל / זאגט

זָאגְט אַז דיא צוהָערֶער זיינֶען גֶעוָוארְען עָנְטְצִיקְט פוּן זיינֶע רֵייד .

ר' יעקעוו הָאט זִיךְ עֶטְוָואס אָבְּגֶערוּהְט אוּנ הָאט מִיט זַיין טוּךְ דיא שְׁוַויים אָבְּגֶעוִוישְׁט פוּן פָּנִים, פְּלֶעצְלִיךְ הָאט מֶען גֶעהָערְט אַ שְׁטִימֶע פוּן אוּנְטֶער דֶער בִּימָה רוּפֶּענְדִיג „בַּייא מַיינֶער עֶהרֶע דָאס אִיז יעקעוועל שָׂטָן", ווִיא אַ דוּנֶער וָואלְט אִיהם גֶע-טְרָאפֶּען אִיז עֶר אַנִידֶער גְעפַאלֶען אוּנ אִיז אִין חַלָשׁוּת גֶעבְּלִיבֶּען , מֶען הָאט אִיהם קוֹים אָבְּגֶעמִינְטֶערְט אוּנ מֶען הָאט אִיהם אַרַיין גֶעפִיהרְט אִין דֶעם רָבְם שְׁטוּבּ.

דיא שְׁטִימֶע וָואס אִיז גֶעהָערְט גֶעוָוארֶען פוּן אוּנְטֶער דֶער בִּימָה הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען אַ גֶעוִויסְסֶער שימעלע טִישְׁלֶער פוּן יעקעווס גֶעבּוּרְטְס שְׁטָאט, שימעלע אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גוּטֶער בַּעַל מְלָאכָה, אָבֶער עֶר הָאט גֶעוָואלְט גְרִינְג לֶעבֶּען הָאט עֶר זִיךְ אַרַיין גֶעלָאזְט אִין הוּלְטַאייסְטְוָוא, אוּנְטֶער דיא חֲבֵרִים וָואס יעקעוו הָאט גִיהַאט אִין דֶר קְנייפֶּע אִיז אוֹיךְ שימעלע גֶעוֶועזֶען, זַייא הָאבֶּען זַייעֶרֶע הוּלְטַאייסְטְוָוא גֶעטְרִיבֶּען, דֶער נָאךְ הָאט זִיךְ שימעלע אַוֶועק גֶעלָאזֶען צוּא שְׁנָארֶען אִין דֶער וֶועלְט, דַאמָאלְס אִיז דָאס פַּאר דיא בֶּעטְלֶער קַיין שְׁלֶעכְט גֶעשֶׁעפְט נִיט גֶעוֶועזֶען, גַאנְצֶע קָאמְפַּאנְיֶעס פְּלֶעגֶען וַואנְדֶערֶען פוּן אֵיין שְׁטָאט

צוּא דֶער אַנְדֶער שְׁטָאט אוּנ פְּלֶעגְן שְׁטִיקְקֶער גֶעלְט מַאכְען, ווַייל יֶעדֶעְרער הָאט פַאר זַייא מוֹרָא גֶעהַאט, ווַייל יֶעדֶער אִיז גֶעלֶעגֶען בַּייא זַייא אִין מוֹיל, אוּנ שׁימעלע אִיז אוֹיךְ גֶעוָוארְען פוּן דִיזֶע שְׁנָארֶער חֶבְרָה, אוּנ ווִיא עֶר הָאט דָא דֶער קֶענְט זַיין אַלְטֶען קַאמֶערַאד הָאט עֶר קֵיין זַאךְ נִיט אוֹיסֶען גֶעווֶעזֶען, נָאר פוּן פֶערְוואוּנְדֶערוּנְג הָאט עֶר אוֹיס גֶערוּפֶען דָאס עֶר אִיז יעקעוו שָׂטָן״.

דֶער רָב הָאט אִיהם גֶעפְּרֶעגְט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא סִבָּה וָואס עֶר אִיז מִיט אֵיינְמָאל אִין חַלָשׁוּת גֶעבְּלִיבֶּען, יעקעוו הָאט אִיהם דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע וָואס אִיהם הָאט פַּאסִירְט אִין זַיין הֵיים, אוּנ הָאט אוֹיךְ דֶעם רָב גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט זִיךְ פֶעסְט עֶנְשְׁלָאסֶען דִי שְׁטָאט בַּאלְד מָארְגֶען פְּרִיא צוּא פֶערְלָאזֶען, ווַייל גָאט הָאט אִיהם מוֹדִיעַ גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ דֶעם בֶּעטְלֶער אַז עֶר אִיז נָאךְ נִיט גֶעננוּג אָבְּגֶעקוּמֶען פַּאר זַיינֶע עֲבֵרוֹת, דִיא שְׁטָאט לַייט הָאבְּן אִים זֶעהר בֶּדוֹיעֶרְט וָואס עֶר פָארְט פוּן זֵיי אַוֶועק ווַייל זֵיי הָאבֶּן זִיכָר גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר ווֶעט אַמָאל זַיין זֵייעֶר רָב, אָבֶּר זַיין עֶנְטְשְׁלוּס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ עֶנְדֶערֶען.

ר׳ יעקעוו הָאט בֶּעזוּכְט זַיין אַמָאלִיגֶען קַאמֶערַאד שׁימעלע אִין דֶער הַכְנָסַת אוֹרְחִים שְׁטוּבֶּע

דיא וָואהנוּנְג פוּן אַלֶע שְׁנָארֶער אוּנ בֶּעטְלֶער , שימעלען הָאט גוּט גֶעקְרֵיינְקְט וָואס עֶר הָאט דָא יעקעוו אָנְגֶעמַאכְט , עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז יעקעוו וֶועט אוֹיף אִיהם שְׁרֶעקְלֶעךְ אִין כַּעס זַיין , אוּנ וִויא פֶערְוואוּנְדֶערְט אִיז עֶר גֶעוָוארֶען וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶן אַז יעקעוו אִיז צוּא אִיהם גֶעקוּמֶען וִויא אַיין אַלְטֶער בֶּעקַאנְטֶער אוּנ הָאט צוּא אִיהם פְרַיינְדְלִיכֶע ווערְטֶער גֶערֶעט , „נוּא שימעלע״ הָאט יעקעוו צוּא אִיהם גֶעזָאגְט — „בִּיסְטוּ נָאךְ נִיט זַאט מִיט אַזַא גֶעמֵיינֶעם שְׁמוּצִינֶען לֶעבֶּען וִויא דוּא פִּיהְרְסְט , וִוילְסְטוּ נִיט אַוֶועק וַוארְפֶען דִיא שְׁנָארֶערַייא אוּנ זִיךְ בֶּעסֶער נֶעמֶען צוּא דַיינֶע הַאנְד אַרְבַּייט״ . „וֹוא אִיךְ וָואלְט דָאס גֶעטָאן״ הָאט שימעלע אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט „אָבֶער אִיךְ הָאבּ קֵיין מִיטֶעל דֶער צוּא נִיט״. „וָוארְנ נִיט הָאט יעקעוו צוּא אִיהם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל פַאר דִיר זָארְגֶען״. עֶר הָאט אִיהם בַּאלְד גֶעקוֹיפְט הַאנְד וֶוערְקֶער קְלֵיידֶער , אוּנ וֶוערְקְצֵייג אוּנ הָאבֶּען גֶעמַאכְט זֵייעֶרֶן צוּרִיק רֵייזֶע נָאךְ זֵייעֶר גֶעבּוּרְטְס שְׁטָאט , זֵייא זֵיינֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע שְׁטָאט גֶעקוּמֶען , הָאט שימעלע בַּאלְד גֶעהַאט דִיא גֶעלֶעגֶענְהַייט צוּא וַוייזֶען אַז עֶר פֶּער= שְׁטֶעהט נָאךְ זַיינֶע אַרְבַּייט גוּט אוּנ הָאט דֶער צוּא לוּסְט אוּנ דֶער הַכְנָסַת אוֹרְחִים שְׁטוּבֶּע פוּן דִיזֶער

שְׁטָאט הָאט זָעהר שְׁרֶעקְלִיךְ אוּיס גֶעזֶעהֶען, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין גַאנְצֶען פֶערְנַאכְלֶעסִיגְט, קַיין טִישׁ קַיין בֵּיינְקֶעל קַיין בֶּעט אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען נָאר פִיל שְׁמוּץ מִיט בְּלָאטֶע, דֶער נַייֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִיזֶער שְׁטָאט הָאט בַּאלְד אָנְגֶעפַאנְגֶען פֶערְבֶּעסֶערוּנְגֶען אִין הַכְנָסַת אוֹרְחִים שְׁטוּבּ צוּ מַאכֶען, עֶר הָאט גֶעהֵייסֶן דֶעם אוֹיף זֶעהֶער פוּן הַכְנָסַת אוֹרְחִים עֶר זָאל רוּפֶען אַ סְטָאלֶער אוּנ מֶען זָאל נַייֶע טִישׁ אוּנ בֵּיינְק אוֹיךְ נַייֶע בֶּעטֶען מַאכֶען, צוּ דִיזֶער צַייט אִיז גְרָאד יעקעוו מִיט שִׁימֶעלֶע דָארְט אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנ שִׁימֶעלֶע הָאט זִיךְ אָנְגֶעבָּאטֶען דֶעם פָארְשְׁטֶעהֶער אַז עֶר וֶועט דָאס אַלְץ מַאכֶען, דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער אִיז גֶעוֶועזֶען צוּפְרִידֶען אַז אַ אִיד זָאל דָאס אַלְץ קֶענֶען מַאכֶען ווייל דַאמָאלְט אִיז זֶעלְטֶען גֶעוֶועזֶען אַ אִיד אַ בַּעַל מְלָאכָה, שִׁימֶעלֶע הָאט דָאס אַלְץ גֶעמַאכְט צוּא דֶער בֶּעסְטֶע צוּפְרִידֶענְהַייט פוּן דֶעם פָארְשְׁטֶעהֶער אוּנ עֶר הָאט אִיהם גוּט בֶּעלָאהְנְט, דֶער צוּא הָאט עֶר אִיהם אַ כְּרוּג וויין גֶעגֶעבֶּען, עֶר זָאל זִיךְ אַ בִּיסִיל לוּסְטִיג מַאכֶען.

אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶע צַייט אִיז דָארְט אַיין גֶע-שְׁטַאנֶען אַ אִידִישֶׁער סוֹפֵר עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען רַבִּי יהודה, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ זוּן פוּן אַ מוֹרֶה הוֹרָאָה,

אונ הָאט גֶעהַאט פֶעהִיגְקייטֶען שׁיין צוא שְׁרייבּען, דֶער צוא אִיז עֶר אָבֶּער אַ גְרױסֶער אָרֶעמַאן גֶעװֶעזֶען, דֶען דִיא שְׁטֶעטִיל אַװאוּ עֶר הָאט גֶעװָאהנְט אִיז צוא קְלֵיין גֶעװֶעזֶען עֶר זָאל שְׁטֶענְדִיג זַיין פַּרְנָסָה גֶעפִינֶען, אַם אָנְפַאנְג װִיא עֶר הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט הָאט עֶר נָאךְ גֶעקֶענְט פֶערְדִינֶען זַיין חִיוּנָה אָבֶּער דֶער נָאךְ אַז דִיא פַאמִילְיֶע אִיז גְרֶעסֶער גֶעװָארֶען, הָאט עֶר גֶעמוּזְט מִיט זַיין פַאמִילְיֶע דֶעם װַאנְדֶערְשְׁטָאק נֶעהמֶען, אונ הָאבֶּען גֶעבייזְט פון שְׁטָאט צוא שְׁטָאט, זַייעֶר װָאהנוּנְג אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעװֶעזֶען אִין הַכְּנֶסֶת אוֹרְחִים, מִיט אִיהם הָאט אויךְ מִיט גֶערייזְט זַיין טָאכְטֶער אַ מֵיידִיל פון אַיָאהר 16, זֶעהר שׁיין פון גֶעשְׁטַאלְט אונ אָרֶעם אָבֶּער רֵיינְלִיךְ אָנְגֶעטָאהן, שִׁיםעלע הָאט אַ אויג גֶעװָארְפֶען אויף דִיזֶע מֵיידִיל, אונ הָאט זִיא גֶעװָאלְט צום װַייבּ נֶעמֶען אָבֶּער דִיזֶע פְּרָאסְטֶע מֶענְשֶׁען פֶערְשְׁטֶעהֶען װֶענִיג װִיא מִיט דֶעם שֶׁענֶען גֶעשְׁלֶעכְט אום צוּגֶעהֶען, בַּיים װַיינְטְרִינְקֶען הָאט שִׁימעלע אָנְגֶענָאסֶען אַ גְלָאז װַיין אונ הָאט דֶר לַאנְגְט דָאס מֵיידִיל, „נֶעהם ביילע טְרִינְק אַ גְלֶעזֶעל װַיין, זָאג נָאר ביילע אַז אִיךְ װֶעל מַייסְטֶער װֶערֶען װִילְסְטוּ נִיט פְרויא מַייסְטֶערִין װֶערִין״, ביילע אִיז גֶעװָארֶען רָאטְה פון בֶּעשֶׁעמוּנְג, אָבֶּער דֶעם פְרוּמֶען פָאטֶער הָאט


דאס

דָאס פֶּערְדְרָאסֶען, אוּנ הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען צוּא שִׁימֶעלֶע, וָואס טְרַייבְּט אִיהר דָא פַּאר קָאטָאוָועס מִיט מַיינֶע טָאכְטֶער, וֶוען אִיהר וֶועט זַיין אַ מַייסְטָער וֶועט אִיהר נִיט וָועלֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט מַיינֶע טָאכְטֶער וַוייל זִיא אִיז גַאנְץ אָרֶעם, אִיךְ הָאבּ אִיהר קַיין נַדַן נִיט צוּא גֶעבֶּען אוֹיךְ קֶען אִיךְ אִיהר קַיין אוֹיס שְׁטַייעֶר נִיט מַאכֶען. „זָאגְט דָאס גִיט ר׳ יהודה׳ הָאט שִׁימֶעלֶע זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, זַיינֶען ביילעס אוֹינְגֶען אוּנ הֶענְט בַּייא אַייךְ גָאר נִיט וָוערְט? אַ גוּטֶע בַּעַל הַבָּתְטֶע אִיז פִּיל בֶּעסֶער וִויא נַדַן, אִיךְ דַאנְקֶען נָאט בְּרוּךְ קַיין נַדַן נִיט, מְלָאכָה הָאט אַ גִילְדֶערְנֶעם גְרוּנְד, אִיךְ בִּין אַלֵיין אַ עַם הָאָרֶץ נָאר מַיין בָּאבֶּע הָאט מִיר עֶרְצֵיילְט, אַז אִין מֶדְרָשׁ שְׁטֶעהט אַז בְּשַׁעַת גָאט הָאט בַּאשַׁאפֶען דִיא וֶועלְט הָאט עֶר אוֹיס גֶערֶעכֶענְט אָדָם הָרִאשׁוֹן מִיט וָואס זַיינֶע קִינְדֶר וֶועלֶן זִיךְ בֶּשֶׁעפְּטִיגֶן אוֹיף דֶער וָועלְט, דֶער וֶועט זַיין אַ שְׁנַיידֶער דֶער אַ שׁוּסְטֶער, אוּנ דֶער אַ בּוֹימַייסְטֶער, הָאט אָדָם הָרִאשׁוֹן דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם גֶעפְרֶעגְט תָּאם וועט זַיין אַז אַלֶע שְׁטֶעט וֶועלֶען שׁוֹין זַיין אוֹיס גֶעבּוֹיט אוּנ אַלֶע הַייזֶער וֶועלֶען שׁוֹין זַיין פַארְטִיג וָואס וֶועלֶען טָאן דִי בּוֹימַייסְטֶער? הָאט דֶער הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אִיךְ וֶועל בֶּעסֶער צֶעהֶען שְׁטֶעט אָבְּבְּרֶענֶען לָאזֶען

 אויידער

אֵיידֶער אֵיין בּוּימַייסְטֶער לָאזֶען הוּנְגֶערְן׳. „גוּט גֶעזָאגְט׳
הָאט זִיךְ גֶעהָערְט אַ שְׁטִימֶע פוּן הִינְטֶער דֶער מְחִיר,
דוּא הָאסְט דַיין הֲלָצָה מִיט שֵׂכֶל גֶעזָאגְט אָבֶּער זָאג
מִיר וָואס הַאנְדִילְט זִיךְ דָא,וִויא אִיךְ פֶערְשְׁטֶעהֶע הָאט
אִיהר גֶעהַאט אַ קְלֵיינֶעם שְׁטְרַייט צְוִוישֶׁען זִיךְ. ר׳
יהודה הָאט אִיהם עֶרְצֶעהלְט וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהֶען
הָאט ר׳ יעקעוו שימעלען פָּארְוִוירְפֶע גֶעמַאכְט פַּאר
וָואס עֶר אִיז צוּא שְׁנֶעל גֶעגַאנְגֶען מִיט זַיינֶע לִיבֶּעם
עֶרְקְלֶעהרוּנְגֶען, דֶער נָאךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּא ר׳
יהודה זַייט אוּנְבֶּעזָארְגְט, וָואס דֶער נְדַן בֶּעטְרֶעפְט
קֶען אִיךְ אַייךְ אָבְּהֶעלְפֶען, אִיךְ הָאבּ אַנְגֶעווִיסֶע סוּמֶע
גֶעלְד וָואס אִיךְ בְּרוֹיךְ דָאס נִיט, דָאס קֶען אִיךְ אַייךְ
צוּא נְדַן אוּנ צוּא אוּיסְשְׁטַייֶער גֶעבֶּען. וֶוער קֶען פָּאר-
שְׁטֶעלֶען דִיא שִׂמְחָה פוּן ר׳ יהודה אוּנ זַיין פַאמִילְיֶע
וִויא זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהָען אַז זֵייעֶר טָאכְטֶער ביילע
אִיז שׁוֹין פֶערְזָארְגְט, מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ שֵׁיינֶעם
תְּנָאִים, אוּנ נָאךְ דִיא תְּנָאִים הָאבֶּען זַייא זִיךְ אָבְּגֶע-
רֶעט אַז ר׳ יהודה זָאל מִיט זַיין פַאמִילְיֶע קוּמֶען אִין
זַייעֶר שְׁטָאט אוּנ דָארְטֶען וֶועט מֶען מַאכֶען חֲתוּנָה,
ר׳ יעקעוו אוּנ שימעלע הָאבֶּען זִיךְ מִיט ר׳ יהודה
אוּנ זַיין פַאמִילְיֶע אָבְּגֶעזֶעגֶענְט אוּנ הָאבֶּען וַוייטֶער
גֶעוַואנְדֶערְט, ר׳ יעקעוו הָאט מִיט זַיינֶע בַיינֶע נִיט

גֶעאַייֶלְט, עֶר הָאט גֶעוָואלְט אִין יֶעדֶער שְׁטָאט עֶטְוָואס גוּטֶעס ווירְקֶען, אִין דַארוּם הָאט עֶר אִין יֶעדֶער שְׁטָאט דְרָשׁוֹת גֶעזָאגְט אוּנ דֶער עוֹלָם אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהם זֶעהר צוּפְרִידֶען, נָאר אֵיין זַאךְ הָאבְּען זַייא נִיט גֶעקֶענְט פֶערְשְׁטֶעהֶען פַאר וָואס אַ מַאן וִויא עֶר זוּכְט אוֹיף אַ וָואהנוּנְג אִין דִי שְׁנָארֶער שְׁטוּבֶּע אַווּאוּ דִיא גֶעמֵיינֶע שְׁנָארֶערְס וָואהנֶען, זַייא הָאבֶּען גֶע־רֶעכֶענְט אַז דָאס מוּז זַיין אָבְּקוּמֶענֶעס פַאר אִיהם, עֶר רִיכְט אָבּ גָלוּת אוּנ דָאס אִיז אַ תְּשׁוּבָה אוֹיף זַיינֶע עֲוֹנוֹת, שׁימֶעלֶע אִיז אֲפִילוּ נִיט צוּפְרִידֶען גֶע־וֶועזֶען מִיט דֶעם שְׁלֶעפִּין זַאךְ, עֶר הָאט גֶעוָואלְט וָואס נִיבֶער קוּמֶען אַהֵיים, יֶעדֶער טָאג אִיז בַּייא אִיהם גֶעוֶועזֶען אַ יָאהר וַוייל עֶר הָאט גֶעהָאפְט בַּאלְד זִיךְ דָארְטֶען צוּא טְרֶעפֶען מִיט זַיין גֶעלִיבְּטֶע ביילע אָבֶּער עֶר הָאט דָאךְ נִיט גֶעקֶענְט מֶעיז פָּנִים זַיין ר׳ יעקעווען זַיין וָואהלְטְהֶעטֶער אוּנ הָאט גֶעמוּזְט אַלְץ פַאר לִיבּ נֶעמֶען, אַדְרַבָּה עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהר גֶעסְטַארֶעוֶועט אַלֶע ווינְשֶׁע פוּן ר׳ יעקעוו צוּא עֶרְפִילֶען אוּנ הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעזָאגְט דָאס עֶר אִיז בְּרֵייט פַאר ר׳ יעקעווען אִין דִיא גְרֶעסְטֶע סַכָּנָה צוּא גֶעהֶען, אוּנ דִיזֶע סַכָּנָה הָאט זִיךְ בַּאלְד בֶּעווִיזֶען.

אֵיין מָאל אִין אַ זוּמֶער מָארְגֶען זַיינֶען זַייא

גֶעקוּמֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע שְׁטָאט וְואס דָארְטֶען הָאבֶּען קֵיינֶע אִידֶען נִיט גֶעוואָהנְט, אִין אַזַא שְׁטָאט פְּלֶעגְט דִיא אִידֶען פֵיינְדְשַׁאפְט פִיל גְרֶעסֶער צוּא זַיין, וַוייל זַייא הָאבֶּען קֵיין אִידֶען נִיט אָנְגֶעזֶעהֶען, נָאר זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָער צֵיילִינְדִיג זַייעֶרֶע פֶעהלֶער פוּן דִיא יוּדֶען פֵיינְד, אִין דִיזֶעם טָאג אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא שְׁטָאט זֶעהר אוֹיס גֶעפּוּצְט, פָאהנֶען זַיינֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַלֶע הַייזֶער, דִיא גַאסֶען אוֹיס גֶעקֶעהרְט רֵיין, דִיא גֶעוֶועלְבֶּען צוּגֶעמַאכְט אוּנ מֶען הָאט עֶרְוַוארְטֶעט אַ גְרוֹיסֶען מַאן וָואס הָאט גֶעבְּרוּיכְט אִין דִיזֶעם טָאג צוּא קוּמֶען, ר׳ יעקעוו הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אָפְּרוּהֶען אַ בִּיסֶעל פוּן זַיינֶע רַייזֶע אוּנ פוּן דִיא אַנְשְׁטְרֶענְגוּנְג, הָאט עֶר גֶעדוּנְגֶען אַ שְׁטִיבִּיל אוֹיף אַ פָּאר טֶעג אִין אַ הִינְטֶער גֶעסֶעל אוּנ אִיז אַרַיין גֶעצוֹיגֶען דָארְט מִיט שִׁימֶעלֶע, דֶער נָאךְ אַז זַייא הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער גֶעטָאן זַיינֶען זַייא אַבִּיסִיל אִין גַאס אַרוֹיס, שִׁימֶעלֶע אִיז גֶעגַאנְגֶען זַיין וֶועג אוּנ ר׳ יעקעוו אִיז גֶעגַאנְגֶען זַיין וֶועג פַאר טְרַאכְט אִין זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען, פְּלֶעצְלִיךְ הָאבֶּען אָן גֶעפַאנְגֶען דִיא גְלָאקֶען צוּא קְלִינְגֶען אוּנ אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין צְוַוייא שׁוּרוֹת אוּנ אַ פְּרֶעכְטִיגֶע קָאטְשׁ אִיז דוּרְךְ גֶעפָאהרֶען, אִין דֶער

 קאטש

קָאטְש זַיינֶען גֶעזֶעסֶען צְוַוייא יוּנְגֶע נַייסְטְלִיכֶע, אֵיינֶער
פוּן זַייא אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער נַייֶער בִּישָׁאף וָואס אִיז
אַרָאבּ גֶעקוּמֶען פוּן רוֹים דָארְטֶען זִיךְ צוּא בֶּעזֶעצֶען,
אוּנ דֶער צְוֵוייטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען זַיין סֶעקְרֶעטַאר, וְויא
דָאס פָּאלְק הָאט דֶעם נַייֶעם בִּישָׁאף דֶער זֶעהֶען
זַיינֶען זַייא אַלֶע אַנִידֶער גֶעפַאלֶען פַאר אִיהם אוֹיף
דִיא קְנִיא מִיט אָבּ גֶעדֶעקְטֶעם קָאפּ, ר׳ יעקעוו הָאט
אַ בְּלִיק גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶעם נַייֶען בִּישָׁאף אִיז עֶר גֶע-
וָוארֶען פֶערְוואוּנְדֶערְט, דֶען זַיין פִּיזִינָאמִיֶע אִיז אִיהם
נִיט גֶעוֶועזֶען אוּנְבֶּעקַאנְט, עֶר הָאט זִיךְ דֶער מָאהנְט
אַז עֶר אִיז יאהאן זַיין יוּגֶענְדְפְּרַיינְד, אוּנ וַוייל עֶר
אִיז צוּמִישְׁט גֶעוָוארֶען הָאט עֶר פַאר גֶעסֶען דִיא הִיטִיל
אַרָאבּ צוּא נֶעמֶען, דִיא כְּרִיסְטֶען הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶן
זַיינֶען זַייא בֵּייז גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם יוּדֶען, דֶען זַייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט דָאס דֶער יוּדֶע אִיז גֶעקוּמֶען אָבְּלַאכֶען
פוּן זַייעֶר בִּישָׁאף, זַייא זַיינֶען אִיהם בֶּעפַאלֶען וְויא
דִיא ווילְדֶע חַיוֹת אוּנ יֶעדֶער הָאט גֶעשְׁרִיעֶן נֶעהְמְט
דֶעם פֶערְפְלוּכְטֶען יוּדֶען דֶער וֶוערְגְט אִיהם, וַוארְפְט
אִיהם אַרַיין אִין טַייךְ, עֶרְשְׁלָאגְט אִיהם וְויא אַ הוּנְט,
אוּנ הוּנְדֶערְטֶער הֶענְט הָאבֶּען אִיהם אָן גֶענוּמֶען אוּנ
הָאבֶּען אִיהם גֶעוָואלְט צוּא רֶעכְט מַאכֶען, דוּרְךְ
דִיזֶען גֶעטוּמֶעל אִיז דֶעם בִּישָׁאפְס וָואגֶען גֶעבְּלִיבֶּען

 שטעהן

שְׁטֶהן אוּנ הָאט נִיט גֶעקָאנְט וַוייטֶער פָּאהרֶען, דֶער בִּישָׁאף הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט אִין וָואגֶען צוּא זֶעהֶען וָואס אִיז דָאס פַאר אַ טוּמֶעל, מִיט זַיין שַׁארְפֶען בְּלִיק הָאט עֶר בַּאלְד דָער קֶענְט זַיין אַלְטֶען פְרַיינְד יעקעוועל, אוּנ דִיא גְרוֹיסֶע סַכָּנָה וָואס שְׁוֶועבְּט אוֹיף אִיהם, עֶר הָאט אַיין גֶערַאמְט זַיין סֶעקְרֶעטֶער אִין אוֹיעֶר אַ פָּאר וֶוערְטֶער אוּנ וִויא פַּייל פוּן בּוֹיגֶען אִיז עֶר אַרָאבּ גֶעלָאפֶען פוּן וָואגֶען אוּנ הָאט גֶעשְׁרִיעֶן צוּם פָאלְק, אִים בֶּעפֶעל פוּן בִּישָׁאף זָאל זִיךְ קֵיינֶער נִיט דֶער וֶועגֶען אָן צוּרִיהרֶען דֶעם יוּדֶען, עֶר זָאל גְלַייךְ אִיבֶּר גֶגֶעבֶּן וֶוערְן דֶעם קִירְכְלִיכֶן סָאנְד אוּנ עֶר וֶועט אַלֵיין דֶעם יוּדֶען מִשְׁפָּטִין, מֶען זָאל אִיהם גְלַייךְ אָבְּפִיהרֶען אִין פַּאלַאץ אוּנְטֶער אַ גוּטֶע בֶּעוַואכוּנְג אוּנ דָארְט זָאל מֶען אִיהם אִין גֶעפֶיינְגְנֶעס אַרַיין זֶעצֶען, דֶער בִּישָׁאף הָאט דָאס קְלוּג גֶעמַאכְט וָוארוּם עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט דָאס אוֹיף דִיזֶע אַרְט וֶועלֶען זַייא אִיהם אָבְּלָאזֶען, ר׳ יעקעוו הָאט זִיךְ גָאר נִיט עֶרְשְׁרָאקֶען דֶען עֶר הָאט גַאנְץ גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם בִּישָׁאפְס מֵיינוּנְג, נָאר שִׁימֶעלֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צוּקָאכְטֶער, עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז ר׳ יעקעוו אִיז שׁוֹין פֶערְפַאלֶען, ר׳ יעקעוו אִיז גֶעוָוארֶען אָבְּגֶעפִיהרְט אִין גֶעפֶיינְגְנֶעס אוּנ דָער בִּישָׁאף אִיז אַרַיין אִין דָער



קירכע

קִירְכֶע זֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע רֶעדֶע צוּא הַאלְטֶען , דֶער נָאךְ
אִיז עֶר גֶעפָאהְרֶען אִין זֵיין פַּאלַאץ, דֶעם גַאנְצֶען טָאג
הָאט עֶר קֵיין צֵייט נִיט גֶעהַאט מִיט זֵיין פְרֵיינְד זִיךְ
צוּא זֶעהֶען וַוייל עֶר הָאט גֶעהַאט פִיל בֶּעזוּכֶע , נָאר
אָבֶּענְד אַז אַלֶע גֶעסְט זֵיינֶען שׁוֹין אַוֶועק הָאט עֶר
גֶעהֵייסֶען זֵיין סֶעקְרֶעטַאר עֶר זָאל רוּפֶען זֵיין אַלְטֶען
פְרֵיינְד, דֶער סֶעקְרֶעטַאר אִיז אִיהם גֶעגַאנְגֶען רוּפֶען
אוּנ דֶער בִּישָׁאף אִיז אִיהם גֶעגַאנְגֶען עֶנְטְגֶעגֶען ,
דוּרְךְ פִיל סַאלָאנֶען אִיז עֶר גֶעוָוארֶען דוּרְךְ גֶעפִיהְרְט ,
בִּיז דִיא צְוֵוייא אַלְטֶע גוּטֶע פְרֵיינְד הָאבֶּען זִיךְ בֶּע-
גֶעגֶענְט , זֵייא זֵיינֶען גֶעפַאלֶען אֵיינֶער אוֹיף דֶעם
אַנְדֶערֶענְם הַאלְז, הָאבֶּען זִיךְ וֶועקוּשְׁט אוּנ גֶעהַאלְזְט
אוּנ צוּא זֵייעֶר פְרֵייד אִיז קֵיין סוֹף נִיט גֶעוֶועזֶען ,
דֶער סֶעקְרֶעטַאר אִיז גֶעוָוארֶען זֵייעֶר פֶערְבּוּנְדֶענֶער
אוּנ אַלֶע דְרֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט אוּנ דִיא צְוֵוייא
אַלְטֶע פְרֵיינְד הָאבֶּען עֶרְצֶעהלְט זֵייעֶרֶע גֶעשִׁיכְטֶע ,
דֶער בִּישָׁאף הָאט גֶעהַאט וֵוייניג וָואס צוּא עֶרְצֶעהלֶען,
זֵיינֶע גֶעלֶעהְרְזַאמְקֵייט אִין דִיא אִידִישֶׁע וִויסֶען שַׁאפְט
וָואס עֶר הָאט גֶעלֶערֶענְט פוּן זֵיין אִידִישֶׁען פְרֵיינְד
הָאט אִיהם אַ גְרוֹיסֶען נָאמֶען פֶערְשַׁאפְט אִין רוֹים
אוּנ דֶער פַּאבְּסְט הָאט אִיהם פְּרָאטֶעזְשִׁירְט אוּנ אִיז
גֶעגַאנְגֶען שְׁנֶעל פוּן שְׁטוּפֶע צוּא שְׁטוּפֶע בִּיז עֶר אִיז

גֶעקוּמֶען אִין אַזאַ קוּרְצֶע צייט צוּא דִיזֶע גְרוֹיסֶע רַאנְגֶע, ר' יעקעוו הָאט גֶעהַאט מֶעהר וָואס צוּא דֶער צֶעהלֶען דֶען עֶר הָאט פַאר דִי צְווייא גֵייסְטְלִיכֶע אַלְס עֶרְצֶעהלְט אוֹיךְ זַיינֶע חֲטָאִים וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן, צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל הָאט אַ אִידִישֶׁער לַמְדָן גֶעהַאלְטֶען אַ סְפָּאוִויֶעדְז פַאר אַ קַאטוֹילִישֶׁען בִּישָׁאף אָבֶּער נִיט כְּדֵי עֶר זָאל אִיהם מוֹחֵל זַיין אוֹיף דִיא עֲבֵרוֹת נָאר אֵיינְפַאךְ זַיין הַארְץ אוֹיס צוּא גִיסֶען פַאר אִיהם, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דִיא גַאנְצֶע נַאכְט אוּנְטֶער הַאלְטֶען אוּנ וִכּוּחִים גֶעהַאט, וִויא פְרִיעֶר אִין זֵייעֶר יוּגֶענְד, נַאכְהֶער זַיינֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען שְׁלָאפֶען.

שִׁימֶעלֶע הָאט נִיט גֶעקֶענְט אוֹיס הַאלְטֶען פוּן גְרוֹיס זָארְג פַאר ר' יעקעווען, עֶר אִיז בַּאלְד גֶעלָאפֶען צוּא דֶעם אָרְט אַוואוּ מֶען הָאט אִיהם אַרַיין גֶעזֶעצְט אוּנ הָאט דֶעם לָאקַאי גֶעשֶׁענְקְט אַ הַארְטֶען זִילְבֶּערְנֶעם טְהָאלֶער וָואס עֶר הָאט פֶערְדִינְט אִין יֶענֶער שְׁטָאט אִין הַכְּנָסַת אוֹרְחִים אוּנ דֶער לָאקַאי הָאט אִיהם אַרַיין גֶעלָאזֶען צוּא ר' יעקעוו, וִויא פֶערְוואוּנְדֶערְט אִיז עֶר גֶעוָוארֶען דָאס אָנְשְׁטָאט וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶערִיכְט אַז ר' יעקעוו זִיצְט אִין אַ פִינְצְטֶערְן קֶעלֶער אִיז עֶר אִין אַ בְּרֶעכְטִיגֶען זַאל מִיט פַיינֶע וֶוערְט-שָׁאפְט, עֶר הָאט דִיזֶע זַאכֶע נָאר נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען

אוּנ הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר הָאט דָאס אַלְץ גֶעמַאכְט דוּרְךְ קַבָּלָה, עֶר איז פֿאר ר' יעקעווען גֶעשְׁטַאנֶגען מִיט גְרוֹיס רֶעשְׁפֶּעקְט אוּנ אַכְטוּנְג אָבֶּער ר' יעקעוו הָאט אִיהם עֶרְקְלֶעהְרט דִיא גַאנְצֶע זַאכֶע הָאט עֶר אִיצְט דִיא אוֹיגֶען גֶעעֶפֶענְט אוּנ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶגען וָואס דָא איז גֶעוֶועזֶען .

דִיא צְוַוייא גוּטֶע פְֿרַיינְד ר' יעקעוו אוּנ דֶער בִּישָׁאף זַיינֶען גֶעזֶעסֶען צְוַוייא טֶעג בַּייא זַאמֶען אוּנ דֶער בִּישָׁאף הָאט נַאטִירְלִיךְ גֶעוָוארְגְט אַז יעקעוו זָאל עֶסֶען נָאר אַזָעלְכֶע זַאכֶען וָואס איז כָּשֵׁר , אוֹיךְ שימעלע איז גֶעוֶועזֶען דֶעם בִּישָׁאפְס גַאסְט , דֶער נָאךְ הָאבְּען זֵייא זִיךְ אָבּ גֶעזֶעגֶענְט אוּנ ר' יעקעוו מִיט שימעלע זַיינֶען גֶעוָוארֶען אָבְּגֶעפִיהְרט אִין דֶעם בִּישָׁאפְּס וָואגֶען בִּיז צוּא דֶער נֶעכְסְטֶער שְׁטֶעטִיל .

## דִיא רֶעטוּנְג .

ר' יעקעוו אוּנ שימעלע הָאבֶּען זֵייעֶרֶע רַייזֶע וַוייטֶער גֶעמַאכְט בִּיז זֵייא זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִין אַ שְׁטֶעטִיל נִיט וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאט נ. אַוואוּ ר' שמואל רחלס פָאטֶער איז אַ רָב גֶעוֶועזֶען , דָארְטֶען הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ גֶעפוּנֶען ר' יהודה סוֹפֵר מִיט זַיינֶע פַאמִילְיֶע , שימעלע איז נָאר לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען אַז

ער האט דער זעהען זיינע געליבטע ביילה, ר׳ יעקעוו האט געדונגען אין דער שטעטיל פאר ר׳ יהודהס פאמיליע א באזונדער וואהנונג, ווייל ער האט געוואלט אז דיזע אונגליקליכע פאמיליע זאל א מאל שפירען א טעם פון א איינענע ווירטשאפט, צוא עסען ביא א איינענעם טיש, זייא זאלען אן הייבען צוא פערגעסען דעם שלעכטען לעבען דיא ארום טרייבונג פון איין שטאט אין דער אנדערע און רוא אן מנוחה. !

עס איז געוועזען ערב שבת, ר׳ יעקעוו האט זייא פערזארגט זייא זאלען מאכען א ברייטען בעל הבתישען שבת, מיט אלע אידישע פערגניגונגען, ר׳ יהודה מיט זיינע פאמיליע האבען זיך ווירקליך דיזעם שבת גליקליך געשעצט, דען שוין לאנגע האט ער אזא עונג ניט געהאט ביא א טיש זיטצען מיט דער גאנצע פאמיליע, אונ ביא נאכט אין א ארענטליך בעט צוא שלאפען, זייא האבען זיך פערגניגט דעם גאנצען שבת, שימעלע איז אויך זייער גאסט געוועזען אונ נאך א גאסט האבען זייא איין געלאדען צום טיש, צוא זייער שמחה איז קיין גרענעץ ניט געוועזען, נאך אז עס איז שוין גע־קומען שבת צוא נאכט איז דיא ארעמע פאמיליע

צוג׳ל ווידער

ווידער אומֶעטהִיג גֶעוָוארֶען, ווייל זייא הָאבֶּען בֶּע־
רֶעכֶענְט אַז בּאלְד וֶועלֶען זייא מוּזֶען ווידער זייעֶר
שְׁלֶעכְטֶער לֶעבֶּען פִיהרֶען אוּנ זיך אַרוּמְוָואגְלֶען פוּן
איין שְׁטָאט אין דֶער אַנְדֶער שְׁטָאט, ר׳ יעקעוו הָאט
זיך דֶעם גַאנְצֶען שַׁבָּת נִיט גֶעוויזֶען בּייא זייא ווייל
עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט שְׁטֶערֶען זייעֶר שִׂמְחָה, שַׁבָּת
צוּא נַאכְט איז עֶר צוּא זייא אַריין גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט
צוּא זייא גֶעזָאגְט אַ בְּרֵייטֶען „גוּט וָואךְ״, אָבֶּער ר׳
יהודה הָאט אִיהם אַ אוּמֶעטִיגֶעם „גוּט יָאהר״ גֶע־
עֶנְטְפֶערְט. וָואס זַייט אִיהר אַזוֹא אוּמֶעטהִיג הָאט ר׳
יעקעוו זייא גֶעפְרֶעגְט, „לִיבֶּער רֶבִּי״ הָאט דֶעם סוֹפֵרְס
ווייבּ אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט, מִיר הָאבֶּען אִין דיזֶעם שַׁבָּת
גֶעשְׁפִּירְט אַ טַעַם פוּן גַן עֵדֶן אָבֶּער אִיצְט אַז מִיר
בֶּערֶעכֶענֶען זיך דָאס מִיר מוּזֶען צוּריק גֶעהֶען אִין
גֵיהִנֹם, מִיר מוּזֶען אוּנְזֶער שְׁנָארֶער לֶעבֶּען ווידֶער
פִיהרֶען טְהוּט אוּנְז זֶעהר בַּאנְק, אוּנְז וָואלְט שׁוֹין
בֶּעסֶער גֶעווֶעזֶען אַז מִיר וָואלְטֶען הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת
גֶעלֶעבְּט וויא אַלֶע שַׁבָּתִים. „זָארְגְט נִיט הָאט ר׳
יעקעוו צוּא זייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פַאר אַייךְ
גֶעזָארְגְט אִיהר זָאלְט נִיט דַארְפֶען מֶער נַע וְנַד זַיין,
דֶער רָב ר׳ יחזקאל פוּן אוּנְזֶער שְׁטָאט הָאט פַאר אַייךְ
אַ נוּטֶע שְׁטֶעל, אִיהר וֶוערְט דָארְט הָאבֶּען אַייֶער

פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד, אוֹיךְ פַאר שׁימעלע הָאבּ אִיךְ גֶעזָארְגְט, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין בֶּעקוּמֶען פַאר אִיהם אַ דִיפְּלָאם אַז עֶר אִיז מַייסְטֶער אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ קֶענֶען בֶּעזֶעטְצֶען אַיוּאוּ עֶר וִויל אוּנ זִיךְ אַ מַייסְטֶער וֶוערְק אַיין רִיכְטֶען. וֶוער קֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען דִיא פְרֵייד פוּן דִיזֶע אַלֶע אָרֶעמֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע מֶענְשֶׁען, זֵייא הָאבֶּען פְּשׁוּט נִיט גֶעוִואוּסְט וָואס צוּא טְהָאן פוּן גְרוֹיס שִׂמְחָה, אָבֶּער מִיט אֵיין מָאל אִיז זֵייעֶר שִׂמְחָה פֶערְקֶעהְרְט גֶעוָוארֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע שְׁרֶעק, דֶען דֶער נַאסְט וָואס הָאט גֶעגֶעסֶען שַׁבָּת בַּייא ר׳ יהודה אִיז אַריין גֶעלָאפֶען הַאסְטִיג אִין שְׁטוּבּ אוּנ הָאט אַלֶעמֶען דֶער צֵיילְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען אוּנְגְלִיק וָואס הָאט גֶעטְרָאפֶען דֶעם רָב ר׳ שמואל אִין דֶער שְׁטָאט נ. דָאס דִיא פָּאלִיצֵייא אִיז אִיהם בֶּעפַאלֶען הַיינְט פְרִיא אוּנ מֶען הָאט אִיהם גֶעשְׁמִיט אִין קֵייטֶען אוּנ אִיהם אַריין גֶעוָוארְפֶען אִין גֶעפֶענְגֶענֶעם, אַלֶע זַיינֶע סְפָרִים הָאט מֶען קָאנְפֶעסְקִירְט אוּנ צוּא גֶענוּמֶען, אוֹיךְ דִיא פָאר שְׁטֶעהֶער הָאט מֶען אַריין גֶעזֶעצְט נָאר אֵיינֶער אִיז נִיצוֹל גֶעוָוארֶען פוּן זַייעֶרֶע הֶענְט אוּנ אִיז גֶעקוּמֶען אוּם שַׁבָּת צוּפָאהרֶען אַהֶער צוּא זוּכֶען הִילְף בַּייא דֶער הִיזִיגֶער קְהִלָּה אוּנ אִיצְט אִיז אַ גְרוֹיסֶע אֲסִיפָה אִין קָהָל שְׁטוּבּ. דִיא סִבָּה וָואס מֶען הָאט זֵייא

אַריין גֶעזֶעצְט אִיז ווייל אֵיינֶער הָאט גֶעמַסֶרְתְּ אַז דֶער רָב ר׳ שמואל רֶעט אִין זַיינֶע דְרָשׁות שְׁלֶעכְטֶעס אויף דִיא כְּרִיסְטֶען אונ דִיא אִידֶען בֶּעטֶען אַלֶע טָאג אִין זַייעֶרֶע תְּפִלּוֹת אַז אַלֶע כְּרִיסְטֶען זָאלֶען אוּם גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען, אַזוֹא הָאט דֶער גַאסְט דֶער צֵיילְט אִין ר׳ יהודהס וָואהנוּנְג, אַלֶע זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען צוּצִיטֶערְטֶע, וָוארוּם זַייא הָאבֶּען גַאנְץ גוּט גֶעוואוּסְט אַז דֶער פוּן וֶועט דָאס אוּנְגְלִיק אַרוֹיס אוֹיף אַלֶע אִידֶען, נָאר ר׳ יעקעוו אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גְלַייךְ גִילְטִיג אוּנ אִיהם הָאט דִיזֶע גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע וֵויינִיג גֶעאַרְט, עֶר הָאט נָאר גֶעבֶּעטֶען דֶעם גַאסְט עֶר זָאל אִיהם ווַייזֶען אַוואוּ אִיז דִיא קָהָל שְׁטוּב, אוּנ אִיז דָארְטֶען אַוֶועק.

אֵיידֶער מִיר וֶועלֶען עֶרְצֶעהְלֶען וָואס עֶס אִיז ווייטֶער גֶעוֶועזֶען מוּזֶען מִיר פְרִיהֶער עֶרְקְלֶעהרֶען וֶוער אִיז דָאס דֶער מָסוּר גֶעוֶועזֶען וָואס הָאט אַזַא אוּנְגְלִיק גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶעם רָב אוּנ אוֹיף אַלֶע אִידֶען אִין דִיזֶעם לַאנְד, דֶער לֶעזֶער וֶועט זִיךְ דֶער מָאהנֶען דָאס וֶוען ר׳ יעקעוו אִיז אַרוֹיס פוּן זַיין וואוֹינְשְׁטָאט אִיז אוֹיךְ אהרן חָסִיד אַרוֹיס, עֶר אִיז גְלַייךְ גֶעפָארֶען צוּא ר׳ שמואלן זַיין אַלְטֶען רֶבִּי, דֶער רָב הָאט אִים זֶעהר פַיין אָנְגֶענוּמֶען אוּנ הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט פַאר

צונ״ל נואס

וָואס עֶר אִיז אַוֶועק פוּן זַיין שְׁטָאט, אהרן הָאט
אִיהם דֶערְצֶעהלְט דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה וָואס עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען אוּנ הָאט נָאךְ פִיל לִיגֶען צוּגֶעלֵייגְט, אוּנ
וַוייל ר' שמואל אִיז גְעוֶועזֶען אַ שְׁטְרֶענְג פְרוּמֶער מַאן
הָאט עֶר אִיהם אַלְץ גֶעגְלֵייבְּט, אוּנ אִיז בַּייא אִיהם
אִין גְרוֹיס אַכְטוּנְג גֶעשְׁטַאנֶען, אָבֶּער דִיא רֶבֶּצִין אוּנ
רחל הָאבֶּען אִיהם פַיינְד גֶעהַאט וִויא אַ שְׁפִּין וַוייל
זֵייא הָאבֶּען דֶער קֶענְט אַז עֶר אִיז אַ פַאלְשֶׁער
מֶענְשׁ, אהרן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא זוּכֶען אַ רַבָּנוּת
שְׁטֶעל וַוייל עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט דָאס וֶוען עֶר וֶועט
זַיין אַ רָב וֶועט שׁוֹין רחל נָעשְׁווינְדֶער אַיינְוִוילִינֶען זַיין
וַוייבּ צוּא זַיין, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין עֶטְלִיכֶע שְׁטֶעט
אוֹיף פְּרָאבֶּע צוּא הַאלְטֶען דְרָשׁוֹת אָבֶּער עֶר הָאט
זַיין גְלִיק נִיט גֶעפוּנְען, וַוייל זַיינֶע רֵייד זַיינֶען נִיט
אַרוֹיס פוּן אַ עֶהרְלִיכֶע הַארְץ, אַזוֹי עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען אַ דְרָשָׁה לוֹיט וִויא דִיא מֵיינוּנְג
פוּן דִיא אַיינְוָואהנֶער, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין אַ פְרוּמֶע
אָרְטְהָא, אקְסִישֶׁע קְהִלָה הָאט עֶר גֶעזָאגְט זַיין דְרָשָׁה
זֶעהר פְרוּם אוּנ הָאט גֶעשָׁאטֶען אַשׁ אוֹיף דִיא נַייֶע
אוֹיף גֶעקְלֶעהרְטֶע, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין אַ אוֹיף
גֶעקְלֶעהרְטֶע שְׁטָאט הָאט עֶר פֶערְקֶעהרְט גֶערֶעט,
אַיין מָאל אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין אַ שְׁטָאט אוּנ הָאט

דָארְטֶען גֶעהַאלְטֶען גְרָאד אַזַא דְרָשָׁה וָואס אַלֶעמֶען
אִיז גֶעפֶּעלֶען גֶעוֶועזֶען נָאר צוּא זַיין אוּנְגְלִיק הָאט זִיךְ
גֶעוִויזֶען דָארְט אַ קָאנְקוּרֶענְט וָואס יֶענֶער הָאט אוֹיךְ
גֶעהַאלְטֶען אַ שֶׁענֶע דְרָשָׁה אוּנ הָאט גֶעהַאט אַ סַךְ
אַנְהֶענְגֶער, פוּן דֶעסְט וֶועגֶען הָאבֶּען זַייא אִיהם נִיט
אָבְּגֶעזָאגְט נָאר זַייא הָאבֶּען אִיהם גֶעהֵייסֶען עֶר זָאל
אִין עֶטְלִיכֶע וָואכֶע: ווִידֶער קוּמֶען אוּנ הַאלְטֶען
ווִידֶער אַ פְּרָאבֶּע דְרָשָׁה, אוֹיבּ עֶר וָועט גֶעפֶּעלֶען וָועט
עֶר בֶּעקוּמֶען דִיא רַבָּנוּת שְׁטֶעלֶע, עֶר אִיז פוּן דָארְט
אַוֶועק גֶעפָאהרֶען אוּנ בַּייא אִיהם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ
פְּלַאן עֶר זָאל פָאהרֶען אִין נ. צוּא ר' שמואל אוּנ
אָפֶּען אִיהם זָאגֶען דָאס עֶר ווִיל זַיין טָאכְטֶער פַאר
אַ וַוייבּ, עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז וָוען עֶר וֶועט בֶּע-
קוּמֶען ר' שמואלס טָאכְטֶער פַאר אַ וַוייבּ אוּנ וֶועט
זַיין ר' שמואלס אֵיידִים וֶועט עֶר גֶעשְׁווִינְטֶער קְרִיגֶען
דִיא רַבָּנוּת שְׁטֶעלֶע, פָארִינְדֶעק צוּרִיק אִיז עֶר גֶע-
זֶעסֶען צוּזַאמֶען מִיט אַ מִיסְיָאנֶער, דִיזֶער מִיסְיָאנֶער
הָאט זִיךְ מִיט אִיהם אַרַיין גֶעלָאזֶען אִין וִכּוּחִים, עֶר
הָאט בַּאלְד דֶר טַאפְּט אִין אהרנן דָאס עֶר אִיז אַ נוּט
הֶערְטִיל מֶען קֶען מִיט אִיהם עֶפֶּעס מַאכֶען, עֶר
הָאט אִיהם אָנְגֶעפַאנְגֶען פַאנַאנְדֶער צוּא וֶוענָען דִיא
יסודות פוּן זַיין אֱמוּנָה, נַאטִירְלִיךְ הָאט אהרן אִיהם

 אויך

אויך אָבְגֶעוֶוענְדֶעט אונ אַזוֹא הָאבֶּען זֵייא זִיךְ מִתְוַכֵּחַ גֶעוֶועזֶען בִּיז זֵייא זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִין שְׁטָאט, דֶער מִיסְיָאנֶער הָאט זִיךְ מִיט אִיהם אָבְּגֶעזֶעגֶענְט אוּנ הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען זַיינֶע וִויזִיט־קַארְטֶע, אהרן אִיז אַרָאפּ צוּם רָב אִין שׁ״וּב הָאט זִיךְ מִיט אִיהם פַאנַאנְדֶער גֶערֶעט אוּנ הָאט אִיהם מְגַלֶּה גֶעוֶועזֶען זַיין גַאנְצֶעס הַארְץ אַז עֶר לִיבְּט שׁוֹין פוּן לַאנְג זַיינֶע טָאכְטֶער רחל אוּנ פֶערְלַאנְגְט פוּן אִיהם זַיינֶע טָאכְטֶער צוּם וַוייבּ, דֶער רָב ר׳ שמואל הָאט אָבֶּער אִין דִיזֶער צַייט גֶעלֶעגֶענְהַייט גֶעהַאט זִיךְ גוּט צוּא עֶרְקוּנְדִינֶען אִיבֶּער אהרנס כַארַאקְטֶער, עֶר אִיז גְרָאד גֶעוֶועזֶען אַיינְגֶעלַאדֶען אוֹיף אַ חֲתוּנָה אִין זַיינֶע עֶרְשְׁטֶע רַבָּנוּת שְׁטָאט, דָארְט הָאט אִיהם דֶער רָב ר׳ יחזקאל קְלָאהר גֶעמַאכְט ווָאס פַאר אַ כַארַאקְטֶער אהרן הָאט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּא אהרן אִיךְ קֶען מַיינֶע טָאכְטֶער נִיט גֶעבֶּען אַזַא מַאן ווָאס הָאט אַ צְווייא זַייטִיגֶען כַארַאקְטֶער, ווִיא אַ דוּנֶער ווָאלְט אִיהם אַיין גֶעשְׁלָאגֶן אַזוֹא הָאבֶּען דֶעם רָבְּס רַייד אִיהם צוּרוּדֶערְט, עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זַיינֶע אַלֶע פְּלַאנֶען גֶעהֶען צוּא גְרוּנְדֶע הָאט עֶר גָאר אַיין פְּלַאן אָנְגֶענוּמֶען אַ פְּלַאן פוּן אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע נְקָמָה, עֶר הָאט זִיךְ גֶעווָאלְט נוֹקֵם זַיין אָן דֶעם רָב אוּנ אָן אַלֶע אִידֶען, עֶר אִיז אַוֶועק צוּא

 דעם

דֶעם מִיסִיָאנֶער אוּנ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט דָאס עֶר הָאט
זִיךְ אִיבֶּער גֶעקֶלֶעהרְט אוּנ עֶס גֶעפֶעלְט אִיהם בֶּעסֶער
דִיא כְּרִיסְטְלִיכֶע אֱמוּנָה, דֶער מִיסִיָאנֶער הָאט אִיהם
נַאטִירְלִיךְ אָנְגֶענוּמֶען זֶעהר פְרַיינְדְלֶעךְ אוּנ הָאט אִים
פֶערְשְׁפְּרָאכֶען אַ סוּמֶע גֶעלְד וֶוען עֶר וֶועט שְׁרַייבֶּען
אַ וֶוערְק אַרוֹיס גֶענוּמֶען פוּן דִיא אִידִישֶׁע סְפָרִים
גֶעגֶען דִיא אִידֶען, אהרן הָאט אִיהם נַאטִירְלִיךְ דָאס
צוּא גֶעזָאגְט, אוּנ הָאט דֶער לַאנְגְט אַ מְסִירָה אִין
דֶער רֶעגִירוּנְג אַז דֶער רָב פוּן נ. שִׁילְט דִיא כְּרִיסְטֶען
אִין זַיינֶע דְרָשׁוֹת אוּנ אִין זַייעֶרֶע גֶעבֶּעט בִּיכֶער
שְׁטֶעהֶען נָאר שְׁלֶעכְטֶעס אוֹיף דִיא כְּרִיסְטֶען, דָאס
אִיז גֶעוֶועזֶן דִי אוּרְזַאכֶע וָואס מֶען הָאט דֶעם רָב אַרַיין גֶעזֶעצְט.
ר׳ יעקעוו אִיז גֶעקוּמֶען אִין קָהָל שְׁטִיבִּיל,
אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען אַ פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן פֶערְזָארְגְטֶע
פְּנִימֶער אוּנ הָאבֶּען קַיין עֵצָה נִיט גֶעפוּנֶען וִויא דֶעם
אוּנְגְלִיק אָב צוּא וֶוענְדֶען פוּן דֶעם רָב אוּנ פוּן אַלֶע
אִידֶען, אָבֶּער ר׳ יעקעוו הָאט זֵייא בַּאלְד גֶעטְרֵייסְט
אַז דִיא הִילְף אִיז נָאהֶענְט, זֵייא הָאבֶּען אִיהם נַאטִירְלִיךְ
נִיט גֶעוָואלְט גְלוֹיבֶּען בִּפְרַט אַז עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
גַאנְץ אוּם בֶּעקַאנְטֶער, אָבֶּער וִויא עֶר הָאט זֵייא
גֶעוִויזֶען דֶעם פַּאפִּיר פוּן דֶעם בִּישָׁאף וָואס עֶר הָאט
בֵּייא זִיךְ גֶעהַאט זַיינֶען אַלֶע מִיט אֵיין מָאל פְרֶעהלִיךְ

געוואָרען און זייער טרויער איז געוואָרען פערקעהרט
אין שמחה וששון, ר' יעקעוו האט זיך געזעצט מיט
דעם פאָרשטעהער פון דער שטאָט נ. און איז
דאָרטען צוריק געפאָרען, זייא זיינען אַריין געקומען
צום פּאָליצמייסטער גענויא זיך צו ערקונדיגען איבער
די אַנקלאַגע, דער פּאָליצמייסטער איז געוועזען בטבע
אַ גוטער מענש, נאָר ער האט זייא געזאָגט אַז ער
אַליין קען דער ביייא נאָר ניט העלפען סיידען מען
זאָל בריינגען פון אַ גרויסע קריסטליכע פערזענליכקייט
אַ ערקלערונג אַז דער מסור האט פאַלש אָנגעקלאָגט
און דיא שטעלען וואָס ער האט אָן געוויזען אַז אידען
שילטען דיא קריסטען איז פאַלש, ר' יעקעוו האט
דעם פּאָליצמייסטער געוויזען דעם פּאַפּיר וואָס ער
האט געהאט פון דעם בישאָף, דער פּאָליצמייסטער
איז געוואָרען אַ צוציטערטער, דען ער האט איצטער
פערשטאַנען ווער דער מאַן איז וואָס שטעהט פאַר אים,
ער האט אים זעהר פיל כבוד בעוויזען, און האט איהם
געזאָגט דאס ווען ער וועט נאָר בריינגען אַ פּאָר
ווערטער פון בישאָף וועט ער דיא גאַנצע קלאַגע
פערניכטען און וועט אַלעמען בעפרייען, דער וויל
האט ר' יעקעוו ביייא איהם געפועלט אַז מען זאָל
דעם רב בעסער בעהאַנדלען און מען זאָל דיא

יוג"ל פאמיליע

פַאמִילְיֶע צוּא לָאזֶען צוּא אִיהם, ר׳ יעקעוו אִיז
גְלַייךְ גֶעפָאהרֶען נָאךְ דֶער שְׁטָאט אַוואוּ דֶער בִּישָׁאף
הָאט גֶעוואוֹינְט, דָארְטֶען אִיז עֶר נְעוָוארֶען עֶמְפְּפַאנְגֶען
מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער לִיבֶּע, דֶער בִּישָׁאף הָאט בַּאלְד
אוֹיף גֶעשְׁרִיבֶּען אַ עֶרְקְלֶעהרוּנְג דָאס דִיא גַאנְצֶע
אַנְקְלַאגֶע פוּן אהרן אִיז פַאלְשׁ ווַייל דִיא אַלֶע תְּפִלּוֹת
שְׁטַאמֶען נָאךְ פוּן אַזֶעלְכֶע צַייטֶען אוּנ פוּן אַזֶעלְכֶע
לֶענְדֶער אַזוֹאוּ קֵיינֶע כְּרִיסְטֶען זַיינֶען נָאךְ נִיט גֶע-
וֶועזֶען, נָאר ווַייל דִיא אִידֶען הַאלְטֶען זִיךְ בַּייא
זֵייעֶרֶע אַלְטֶע מִנְהָגִים הָאבֶּען זֵייא דִיא אַלְטֶע תְּפִלּוֹת
גֶעלָאזְט שְׁטֶעהֶען אִין זֵייעֶר גֶעבֶּעט בּוּךְ. ר׳ יעקעוו
הָאט גֶענוּמֶען דֶעם פַאפִּיר אוּנ הָאט גְלַייךְ זַיינֶע
צוּרִיק רַייזֶע גֶעמַאכְט נָאךְ דֶר שְׁטָאט נ. , עֶר הָאט דֶעם
פָּאלִיצְמֵייסְטֶער דֶעם פַאפִּיר פוּן בִּישָׁאף אִיבֶּער גֶע-
גֶעבֶּען, נַאטִירְלִיךְ הָאט דֶער פָּאלִיצְמֵייסְטֶער נִיט
לַאנְג גֶעוַוארְטֶעט אוּנ הָאט בַּאלְד בֶּעפְרַייט אַלֶע גֶע-
פַאנְגֶענֶע, ר׳ יעקעוו הָאט אָבֶּער אַלֵיין גֶעוָואלְט זַיין
דֶער שְׁלִיחַ דֶעם רָב דִיא בְּשׂוֹרָה צוּא בְּרֵיינְגֶען דָאס
עֶר אִיז פְּרַייא, עֶר אִיז אַרָאפּ אִין גֶעפֶענְגֶענִעס
דָארְטֶען הָאט עֶר אוֹיךְ רחלה גֶעפוּנֶען, עֶר הָאט
דֶעם רָב גֶעזָאגְט דָאס עֶר אִיז פְּרַייא, רחלה חָאטְשֶׁע
דִיא אִיז גֶעוֶועזֶען אַ רֶעכְט אִידִישֶׁע טָאכְטֶער הָאט זִיא

צוג״ל דאךְ

דָאךְ זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט אַיין הַאלְטֶען אוּנ אִיז גֶע־
פַּאלֶען אִיהר אַלְטֶען גֶעלִיבְּטֶען אוֹיפִין הַאלְז אוּנ הָאט
גֶעוויינְט, דֶעם רָב אִיז אִיצְט אַ לִיכְט אוֹיף גֶעגַאנְגֶען
אִין דִיא אוֹיגֶען, עֶר הָאט זִיךְ אִיצְטֶער דֶר וואוּסְט
אַז אַהֲרֹן הָאט אוֹיף אִים דִיזֶע צָרוֹת גֶעבְּרַאכְט אוּנ
יעקעוו וָואס אִיז גֶעוָוארֶען פוּן אִיהם פַאר שְׁטוּיסֶען
אוּנ פֶערְיָאגְט הָאט אִיהם פוּן אוּנְגְלִיק גֶערַאטֶע־
וֶועט, עֶס אִיז זֶעלְבְּסְט צוּא פֶערְשְׁטֶעהֶען אַז דֶער
רָב הָאט מִיט שִׂמְחָה זַיינֶע טָאכְטֶער רחל גֶעגֶעבֶּען
ר׳ יעקעוו פַאר אַ וַוייבּ, אוּנ וַוייל עֶר אִיז צוּא
אַלְט גֶעוֶועזֶען הָאט עֶר אִיהם אוֹיךְ אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען
דִיא רַבָּנוּת שְׁטֶעלֶע, דִיא עֶרְשְׁטֶע פְּרַאקְטִיק פוּן
זַיינֶע רַבָּנוּת אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס עֶר הָאט מְסַדֵּר
קִדּוּשִׁין גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה פוּן שימעלע
מִיט ביילה ר׳ יהודה סוֹפְרִים טָאכְטֶער.

אהרן וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס זַיינֶע
מְסִירוֹת אִיז צוּא נִישְׁט גֶעוָוארֶען הָאט עֶר מוֹרָא
גֶעהַאט אַז דֶער פְּרָאצֶעס קֶען זִיךְ אוֹיף אִיהם
אִיבֶּער דְרֶעהֶען וַוייל עֶר הָאט פַאלְשֶׁע בִּלְבּוּלִים
גֶעמַאכְט אוֹיף דִיא אִידֶען, אִיז עֶר אַנְטְלָאפֶען פוּן
דָארְט אוּנ אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעווָארֶען, ר׳ יעקעוו
הָאט לַאנְג גֶעפִירְט זַיינֶע רַבָּנוּת מִיט גְלִיק אוּנ זַיין

נָאמֶען איז גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען אין דֶער גַאנְצֶער וועֶלְט, אויך עֵימעלע מִיט ביילה הָאבֶּען גַאנְץ גְלִיקְלִיךְ גֶעלֶעבְּט אוּנ ר׳ ירודה סוֹפֵר הָאט שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעבְּרוֹיכְט זִיךְ אַרוּם צוּא טְרַייבֶּען אין דיא וועֶלְט אוּנ נַע וְנַד צוּא זַיין, דֶען עֶר הָאט גֶעהַאט שֵׁיין פַּרְנָסָה אין דִיזֶער שְׁטָאט אוּנ הָאט אויךְ נַחַת גֶעהַאט פוּן זַיינֶע טָאכְטֶער, זֵייעֶר וָואהלְטְהֶעטֶער איז גֶעבְּלִיבֶּען צוּם אַנְדֶענְקֶען אין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אוֹיף דוֹר דוֹרוֹת אוּנ זַיין נָאמֶען איז אוֹיף קִינְדֶעס קִינְדֶער גֶעוָוארֶען גֶעלוֹיבְּט אוּנ פֶּערְהֶערְלִיכְט.

ע נ ד ע



צת״ל